שלוימע דאַווידמאַן

# ווען הערצער ברענען

דערציילונגען

פאַרלאַג
„יונג-קוזניע“

ניו יאָרק, 1926.



## אינהאַלט:

מיר אַרט ניט, אויב די אייביקייט וועט מיך ניט קענען,
אויב קיינער וועט ניט כאָוועָן מיינע טריט...
אָט איצט — אַצינד, ווען הערצער ברענען,
קום איך אָן מיט פויסטן אין מיין ליד.
אַוואַדע וואָלט איך וועלן זיך פאַרזינגען,
מיין גאַנצע האַרץ צעווייען מיט'ן ווינט,
נאָר איך קאָן דאָך ניט, אַז מיר זאָל גרינג זיין,
ווען ס'איז נאָך אַלעמען ניט גרינג.
איך האָב נאָך אַלץ ביז איצט ניט פיינט די שטערן,
מיט ווינטן איז מיר אַלע מאָל נאָך גרינג,
נאָר איך וויל אַצינד ניט הערן,
ווי ס'רוישט אַף מיר אַ שטיפערל — אַ ווינט.
אַרט מיר ניט, אויב אייביקייט וועט מיך ניט קענען,
אויב קיינער וועט ניט כאָוועָן מיינע טריט, —
אָט איצט, — אַצינד ווען הערצער ברענען,
דאַרף איך קומען מיט מיין ליד.

**איזי כאַריק**

# דמיטרי וואסיל׳ס

.1

ווען נאכעם גרינבארג איז צוגעקומען עפענען זיין מעל־קראם, טראגנדיק אונטערן ארעם זיינע טאלעס און טפילן, האט ער געטראפן וואסילי׳ן פון יארישעווו זיצן אויפ׳ן שטיינטרעפ, מיט א קאשעק און זאק, פול מיט אויבס.

— דזין דאברי, פאני נאום! — האט זיך וואסילי אויפגעהויבן.

— דזין דאברי, וואסילי, אזוי פרי שוין דא און שטאט?

— פרי? איך בין שוין דריי שטונדן אויף די פיס. דו ווייסט דאך, מיר, דארפישע מענטשן, לייגן זיך מיט די הינער און וואכן אויף פאר דער זון.

— און איך זאג דיר, וואסילי, אז אייך איז בעסער, איר זיינט געזינטער. — דערביי האט נאכעם צעפנט די טירן און די לאדן און צוגעבונדן זיי מיט שטריקלאך, אז זיי זאלן זיך ניט ווארפן פאר׳ן ווינט. — קום אריין, וואסילי!

וואסילי האט אריינגעטראגן זיינע קלומקעס, זיך צוגעזעצט אויף א זאק ווייץ, אראפגענומען די קושמע און זיך גענומען פארדרייען א מאכארקע־ציגאר:

— פאַני נאַאום, דו קענסט מיך שוין עטלאַכע יאָר, איך בין ניט אַזעלכער, ביי מיר איז אַ איד אויך אַ מענטש. עמעס, דו ווייסט אַליין, אַז ס'זיינען דאָ ביי אייך אויך שלעכטע. אַט, צום ביישפּיל, מאַשקע, וואָס האַלט די קראָם אויף דער צווייטער זייט; האָט ביי מיר צוגעגאַנ־ וועט אַ בינטל שטרוי לעצטן מאַנטיק. דאָס איז ניט שיין, גאָט שטראָפט דערפאַר. ניין, פאַני נאַאום?

— ריכטיק, וואַסילי, דו האָסט רעכט. נאָר ביי אייך איז דאָ אַזעלכע, וואָס קענען האַרגענען אַ אידן. איך ווייס, דו וואָלסט עס ניט געטאָן.

— אָ, פאַני, גאָט זאָל מיך היטן. איך? דו קענסט מיך שוין פון וויפל יאָר.

— ווילסט אַ שוועבעלע, וואַסילי?

— אויב דו האָסט.

— פאַני נאַאום, איך האָב דיר געבראַכט אַ מאַ־ טאָנע, דו ביסט אַ לייטישער. דו ביסט אַן ערלאַכער, האָב איך דיר געבראַכט אַביסל בולבע, אוגערקעס און עפּל און באַרן פון גאָרטן.

— האַ, איך דאַנק דיר, וואַסילי, דו ביסט אַ גוטער, דו ביסט ניט, ווי אַלע, וואָס טראַכטן, אַז אַלע אידן זיי־ נען שלעכט.

— כע־כע, אום, אוּהּ־אוּהּ, כע־כע, פאַני נאַאום, איך וויל דיר עפּעס פרעגן, דו ווייסט מיסטאַמע, דו ביסט אַ קלוגער, אַ געלערנטער און לעבסט אין שטאָט, ס'איז עמעס, אַז מע רעדט פון מילכאָמע מיט די דייטשן?

— יאָ, וואַסילי, מע רעדט, נאָר מע גלויבט נאָך ניט.

— דער דאָרפס־לערער איז ביי מיר נעכטן געוועזן,

ער לייענט אַ צייטונג, האָט ער מיר דערציילט פון דעם, האָב איך אים געזאָגט, אַז איך וועל מאָרגן זיין ביי פּאַני נאַאום און ער וועט מיר שוין זאָגן, כע־כע, איך האָב דערציילט פון דיר, האָט ער אויך געזאָגט, אַז ער קען אַ סאַך לייטישע אידן.

— נו, יאָ, וואַסילי, דער לערער פאַרשטייט בעסער.

— כע־כע, פוּף־אוּף, פּי־פּי, יאָ־יאָ, די שטאָט.

— דו ווייסט, וואַסילי, אַז מע וואַקסט אויס אין שטאָט, מע לערנט, איז מען גאָר אַן אַנדער מענטש. דו קענסט מיין קליינע רעוועקאַ, זי לייענט שוין אַ בוך, אַ צייטונג.

— איך טראַכט טאַקע אויך שיקן מיין זון אין שטאָט אַריין לערנען, אונזער דאָרפס־לערער האָט מיר געזאָגט, אַז מיין דימיטרי האָט אַ שאַרפן קאָפּ, ווען ער זאָל זיך לערנען אין שטאָט, וואָלט ער געקאָנט זיין אַ שרייבער ביים „סטאַראָסטע“, אויב ניט אַ לערער אין דאָרף.

— עי, וואַסילי, פון גרעסערס און בעסערס ווייסטו גאָרניט, דאָ לערנט מען אויף אינזשינער, דאָקטאָר!

— עע, פּאַני נאַאום, ניט מיין זון, וואָס בין איך, וואָס וויים איך?

— מען קען גאָרניט וויסן, וואַסילי.

— איך וועל נאָך איבערטראַכטן, איך וויים, איך האָב ניט קיין גוטע פריינט אין שטאָט, וואָס זאָלן זאָרגן פאַר אים; קליינגעלט געבן, ביכער קויפן, איך קען דאָך ניט זיין מיט אים.

— דאָס איז אַקלייניקייט, וואַסילי, אויב דו ווילסט, קען איך עס פאַרזאָרגן.

— דו האסט דאך קיין צייט ניט, ביסט שטענדיק אין קראם.

— וואס איז דיין דייגע, איך וועל שוין פארזארגן.

— איך דאנק דיר, פאני נאאום, איך דאנק דיר.

.2

זיצנדיק ביי ווארמעס, האט נאכעם זיין ליקען דער־ציילט פון וואסילי'ן און וואס ער האט אים צוגעזאגט. ליקע, א אידענע, האט זיך אנגעכאפט ביים קאפ און אויסגעשיט אלע בייזע כאלוימעס אויף די אידישע סא־נים:

— וואס זאגסטו ניט צו אים, — האט זי געהאלטן די שיסל און געזוכט א פלאץ אויפ'ן טיש — דער איך זוכט זיך א צארע, נאדיר גאר א גוי, א שייגעץ אין דער מישפאכע, ער וועט זארגן פאר אים. זאג מיר נאר, נא־כעם, האסט ניט פאר וועמען צו זארגן?

— נארישע אידענע, הער וואס מע רעדט צו דיר — האט נאכעם געזאגט מיט א שמייכל — ס'קאסט מיך געלט? וואס ארט מיך, כ'מאכט מיר קאליע פארנא־סע? און אזא שייגעץ קומט צונויץ אין א שלעכטער צייט, גאט זאל שוימער אומאצל זיין, אבער מע דארף זיך אליין אויך היטן, פארשטייסט?

— האסטו שוין פארגעסן דעם בלוט־בילבל אויף מענדל ביילים, אוי גאט, סע פעלט מיר נאך, נאדיר גאר א שייגעץ.

— א אידענע בלייבט א אידענע, מע רעדט מיט איר בוידעם, ענטפערט זי קלאץ. וואס טויג מיר דיינע טיינעס, האסט א שטיקל פלייש, גיב אהער, כ'דארף לויפן אין קראם. פעטער דארף ברייגגען דריי זעקלאך ווייץ.

— ער וויל מיר שוין פארערדן די ציין. נאכעם, איך זאג דיר מיט'ן הארבן ווארט, זאלסט ניט האבן קיין געשעפטן מיט'ן שייגעץ.

— כ'האב שוין געהערט. נו, וועל איך דיך ניט פאלגן. דו ווייסט דאך, אז איך פארשטיי אויך עפעס!

3.

דימיטרי האט אין איין יאר צייט דעריאגט אלע שטאטישע שקאצים און אייניקע אידן אויך. אלע לע־רער האבן אים ליב געהאט; ער איז געווען דער שטילס־טער אין קלאס. אין צייט פון אפרו האט ער געלייענט ביכלאך אין הויף און זיך ניט געשפילט פיל מיט די שטאטישע ווילדע קינדער, דער דארפישער דימיטרי האט אלע „אוראקן" גוט געוואוסט, און איין מאל ניט פאר־פעלט גיין אין שול.

אין דעם יונגן דימיטרי האט מען שוין דערקענט אן ערנסטקייט און עפעס פארבאהאלטענעס, וואס ער אליין האט נאך ניט געוואוסט, וואס דאס איז. די איבעריקע שקאצים פון קלאס האבן גערופן דימיטרי'ן „רוסקי זשי־דאק", ווייל ער האט זיך איינגעשטעלט פאר די אידישע טאלמידים, וואס מע פלעגט זידלען און באפאלן, ווען דער לערער איז ניט געווען. ער פלעגט די שקאצים מוסרן און דערציילן דעם לערער אויף זיי.

נאכעם האט געזאגט אויף אים, אז ער האט א אי־דישן קאפ אויף זיך און לייקע איז שוין אויך געווען צו־פרידן, ווען איר רעוועקא האט איר דערציילט, ווי דימיט־רי האט זיך אנגענומען, ווען צוויי שקאצים פון דער פאטשטאווע גאס האבן אין איר געווארפן שטיינדלאך, ווען זי איז אהיימגעגאנגען פון דער גימנאזיע.

וואסילי האָט זיך מאמעש געלייגט נאָכעמען פאַר די פיס, אַלע וואָך געבראַכט מאַטאַנעס און געוואונשן אַלדאָס גוטס, ווייל ווען ניט נאָכעם, וואָלט ער דימיט־רי'ן ניט געלאָזט אין שטאָט אריין. ווען דימיטרי איז געשטאַנען ביי נאָכעמען אין קראָם און געשיינט פאַר זיין פאָטער, האָט וואסילי געווישט דעם ספּראַנטשיק פון פאַסיקל מיט די דריי בוכשטאַבן ש. ק. או. (שטאָטי־שע קאָמערץ שול) און זיין זונדל געלערנט:

— זעסט, דימיטרי, אַלעס דאַרפן מיר דאַנקען פאַ־ני נאַאומען, ער האָט געטאָן פאַר דיר גוטס; ווען דו וועסט ווערן אַ גרויסער מענטש, זאָלסטו ניט פארגעסן, אַז אַ איד איז גלייך מיט אַלע מענטשן און אַמאָל בעסער פון אַן אייגענעם ברודער.

דימיטרי האָט געשמייכלט און דערציילט זיין פאַ־טער, ווי אַזוי ער האָט געראַטעוועט רעוועקאַ'ן פון צוויי שקאָצים.

וואסילי האָט אים געגלעט איבער'ן באַק און גע־שמייכלט צו נאָכעמען:

— וואָס זאָגסטו, פאַני נאַאום?

— וואסילי, אַלע זאָגן, אַז דימיטרי איז אַ וואוילער באָכער.

.4

אין ניינצן זעכצן האָט זיך די גרויסע מילכאָמע שוין צעפלאַקערט שטורמיש און צעשיקט אירע גיפטיקע שטראַלן אין קליינע שטעטלאַך און דערפער אַפילע.

אין בייסאַמעדרעש, אין קלויסטער, אין „וואָלאָסט„, אויפ'ן מארק און אין מערבעץ, האָט מען גערעדט פון פאָליטיקע, קריג און מאָביליזאַציע. אַלע האָבן זיך צו־געהערט, וואָס צייטונגס־לייענענדע דערציילן, אַנדערע

האָבן צוגעשאָקלט וואָס קלוגע האָבן נוויעס געזאָגט: „דער דייטש וועט איינגעמען די וועלט", און פּאָליטיקער האָבן געדרייט און געדרונגען מיט'ן פינגער...

קינדערלאַך האָבן זיך געשפּילט אין סאָלדאַטן, באַוואָפנט מיט הילצערנע ביקסן און שווערדן.

מאַמעס האָבן פאַרשאָלטן דעם קייזער, דעם דייטש און די גאַנצע וועלט, דערפאַר, וואָס מען האָט זייערע זין פאַר סאָלדאַטן צוגענומען.

אידישע טאַטעס האָבן זיך געבעריעט אַרויסצוראַטעווען זייערע זין פון „פּאָניע'ס הענט"...

יונגע אָפיצירן האָבן פּאַטריאָטיש און העלדיש געקלונגען מיט די שפּאָרן און מיידלאַך האָבן זיך אין זיי געליבט...

דער שטילער דימיטרי, האָט זיך צו אַלעם ערנסט צוגעהערט, אָנגעהויבן פאַראינטערעסירן זיך אין אַ צייטונג און ערנסטער זיך אַריינטראַכטן. קומענדיק אין דאָרף, האָט ער זיינע אַלטע כאַווירים דערציילט פון דער שטאָט, פון דער שול, פון די ביכער, און פון דער צייטונג. זיין דאָרפס־לערער האָט אונטער זיינע פּלייצעס געשיינט פאַר גליק און געלויבט אים מיט שטומע פינגער? צייכנס פאַר זיינע עלטערן און שכיינים.

דימיטרי האָט מיט אַמאָל זיך דערוואוסט, אַז ער איז אויסגעוואַקסן, איבערגעוואָקסן זיינע דאָרפישע כאַווירים, וואָס האָבן אים נאָך פיל דערקלערונגען דאַך שווער פאַרשטאַנען. ער האָט זיין לערער האַרבע פראַגן געשטעלט, פאַר וועלכע דער לערער האָט זיך דערשראָקן.

— פאַרוואָס זאָל מען ניט עפענען שולן אין דאָרף, ווי אין שטאָט און אַלע מיינע כאַווירים זאָלן פאַרשטיין ווי איך?

— טייערער דימיטרי, דו ביסט נאָך יונג, דו פאַר־שטייסט נאָך ווייניק דאָס לעבן — האָט אים דער לערער פאַרדרייט אין אַ זייט — וועסט עפּשער פאַרשטיין אַמאָל.

.5

„וואָס קלעפּט מען פּאַר בלעטלאַך?" — האָבן על־טערן געפרעגט ביי זייערע קינדער.

יונגע אויגן האָבן געשיינט פאַר פרייד און האָבן דאָך ניט פיל פאַרשטאַנען, בלויז איינס האָט זיך קלאָר געטראָגן איבערן שטעטל: „מע האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם קייזער!"

— ס'זאָלן כאָטש קיין צאָרעס ניט קומען אויף אידן — האָבן באַטלאָנים און באַלעבאַטים אין שול און אין מערכעץ געקרעכצט.

צוויי דריי טעג, און בלעטלאַך נאָך בלעטלאַך, מיט גרויסע אויפשריפטן האָבן פאַרקלעפּט דעמבעס און ווענט. נייע ווערטער האָבן זיך אַריינגעריסן אין שטעטל: רע־וואָלוציע, פרייהייט, אַרבעטערקלאַס. קאַמף, מיטינג און אַנדערע.

די שניידער יונגען, שוסטער יונגען און סטאָליאַר יונגען האָבן זיך אָנגעהויבן צו קאָהאָלן. עפּעס סטודענט־לאַך מיט טיפע אויגן און דאַרע באַקן האָבן זיך אין שטעטל באַוויזן, שלעפנדיק מיט זיך אַ גרויסן טאַש אונטערן אָרעם. און אין שטעטל איז געוואָרן אַ באַוועגונג.

דימיטרי האָט געלערנט די נייע אויפרופן. יעדיעס, בראָשורן.

דימיטרי איז צו אַלע מיטינגען געקומען און גע־

שלונגען די ווערטער פון די רעוואָלוציאָנערע סאָלדאַטן מיט ברילן און בערדלאַך און דאָרע סטודענטן מיט לאַנ־גע האָר און צוקנייטשטע היטלען. די הייסע, הויכע גע־צוילט־אַרויסגעלאָזטע, ליבלאַכע ווערטער, האָבן אָנגע־קלאַפּט ביי אים אין האַרצן און אַרויסגעשיינט פון זיי־נע אויגן. ווען כאַווער אַבראַמאָוו, שפּאַצירנדיק איבער דער בינע, האָט אויסגערופן צווישן זיין רעדע „אונזער קייסער ניקאָלאַי האָט פאַרשפּרייט בראַנפן־קראָמען אי־בער די דערפער, דאָס רוסישע פאָלק זאָל שיקערן און זיך וואַלגערן ווי כאַזיירים אין דער בלאָטע, און מיר וועלן פאַרשפּרייטן שולן איבער די דערפער, דאָס רוסישע פאָלק זאָל לערנען און אַליין זיך אויפהויבן פון דעם זומפּ!" האָט דימיטרי פאַר גרוים פרייד טרערן געלאָזט.

דימיטרין האָט זיך געוואָלט אַרויף אויף דער בינע און אויסשרייען: „כאַוויירים, בירגער, דער געדאַנק וועגן לערנען דאָס רוסישע דאָרף, בויערט שוין לאַנג אין מיין יונגן מויעד, איך האָב גזוכט אַן אייצע, און ענטפער און איצט האָב איך עס געפונען!"

זיין האַרץ האָט אָנגעהויבן שטאַרק קלאַפּן, און בלאַס איז ער געוואָרן. אַ דערשראָקענער פאַר'ן פולן זאָל מיט קעפּ, האָט ער זיך אין אַ ווינקל אַוועק גערוקט, קיי־נער זאָל ניט באַמערקן זיין אומרואיקייט.

— דימיטרי וואַסיליטש, וואָס זיינט איר אַזוי בלאַס געוואָרן? — האָט רעוועקאַ דאָס ערשטע מאָל זיך דערלויבט צו רעדן מיט דימיטרי'ן.

— האַ, רעוועקאַ נאַאומאָוונאַ, איר זיינט אויך דאָ? — האָט דימיטרי זיך דערפרייט.

— געוויס, איך וויל אויך הערן און עפּעס פאַר־שטיין וועגן דער איבערהערעניש אין לאַנד.

— ווען איר מיר דערלויבן מיר שטיין נעבן אייך. רעוועקאַ? — האָט דימיטרי געפרעגט.
— איצט, יאָ.

דימיטרי מיט רעוועקאַ'ן האָבן זיך שטיל געביטן מיט מיינונגען, ווען כאָטש אַ ב ר אַ מ אָ ו ו האָט מיט זיין רעכטער האַנט אַ קלינגענדיקע פראַזע אונטערגעשטרייכט אין דער לופט, און דער אוילעם האָט געפּליעסקעט און פרייד־געשרייען אַרויסגעלאָזט.

ווען דער פּאָרזיצער האָט דערקלערט, אַז דער מיטינג איז געשלאָסן, האָט נאָך דימיטרי אַ פּאָר מינוט געקוקט מיט געבעט־אויגן, עפּשער וועט מען נאָך עפּעס זאָגן, און דער אוילעם האָט זיך מיט אַ פריילאַכן שמועס, פויל אַרויסגערוקט פון דער זאַל.

6.

— איר וועט דערלויבן איך זאָל אייך אַהיימפירן. רעוועקאַ? — האָט דימיטרי שטיל געפרעגט.
— גוט, קומט, דאָס וועט זיין דאָס צווייטע מאָל, דימיטרי, איר געדענקט, ווען די שקאָצים האָבן אויף מיר שטיינדלאַך געוואָרפן?
— יאָ, איך געדענק, איך געדענק אויך, אַז דעמזעלבן טאָג, ווען איך בין מיט מיין פאָטער אין אייער פאָטער'ס קראָם געשטאַנען און דערציילט פון מיין העלדישקייט, האָט מיך מיין פאָטער געגלעט און איז געווען צופרידן און אייער פאָטער האָט געשמייכלט. ער איז אַ גוטער מענטש, אייער פאָטער, ער האָט אַ גרויסן טייל אין מיין לערנען, און עפּשער דעם גרעסטן.
— דער גרעסטער טייל געהערט צו אייך, דימיטרי.

— איר ווייסט, רעוועקא, אז פיל מאל ווערט מיר עפּעס נימעס מיין לערנען, מיין סוויווע, — איך האָב ניט קיין ריכטיקן כאוער, קיין עמעסן יונגן פריינט. די קריס־טלאכע שילער טראָגן צו מיר אַז אַלטע סינע פּאַרוואָס איך פּאַרטיידיק אידן און די אידישע טאַלמידים האַלטן מיך דאוקע פאר א פריינט, אָבער איך פיל, אַז ניט אַלע געטרויען זיי מיר, און טראָגן זיך אַרום מיט א שטילן סאָד, א פּאַרבאָרגענעם כשאָד, אַז איך בין דאָך א קריסט און סע פליסט אין מיר פרעמד בלוט, ווי פון א סוינע.

— איר טאָרט זיי ניט באַשולדיקן, דימיטרי, ווייל איר פאַרשטייט זיי ניט, איך וועל אייך מוידע זיין, ווען ניט די נייע געדאנקען פון אַז אַ נ ד ע ר ן מענטשן, פון אַנדערע פירונגען, אַנדערער געזעלשאַפט, וואָלט איך מיט אייך ניט שאַפּצירט און אפילע ניט גערעדט.

— האָבן אַלע אידן אַזאַ געפיל?

— אַלע אידן, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַפּט מיט דער אידישער ליידנס־געשיכטע.

— מיין פאָטער און אונזער דאָרפס־לערער דער־ציילן מיר אינטערעסאַנטע זאכן וועגן העלדישע אידן. זיי האָבןביידע אונטערגעשטראָכן שוין פיל מאָל אַז אידן זיינען קליגער פון אונז, און ביי אייך זיינען דאָ פיל גרויסע היסטאָרישע פיגורן.

— אָבער דאָס פאָלק, די רוסישע מאַסע, קען ניט אונזערע העלדן, זיי איז באַקאַנט בלויז דער קרעמער פון מאַרק.

— ווען מיר זיי לערנען, מיר, דער יונגער דאָר, דער נייער רוס, מיר, דער מענטש!

— איר ווייסט, דימיטרי, — האָט רעוועקא ליב־

לאַך געשמייכלט. מיר דאַכט זיך, איר וואָלט געקענט זיין אַ גוטער רעדנער.

— אַ, רעוועקאַ, איר האָט מיר איצט איבערגע־שלאָגן, נו, זאָל זיין היינט גענוג, שוין שפּעט סיי־ווי־סיי. אייערע עלטערן וועלן זיין אומרואיק.

— צום ווידערזען אויפ'ן זונטיקדיקן מיטינג.

.7

דימיטרי האָט דורכגעוואָרפן די נייע בראָשורן אויף זיין טיש, געמישט אַביסל מאַרקס'ן און דאָך ניט גע־לייענט. „רעוועקאַ" האָט אים ניט געלאָזט לייענען. רע־וועקאַ האָט אים דערמאָנט פון די שקאַציםלאַך אויף פּאַטשטאָווער גאַס; זי האָט ניט געדאַרפט זאָגן, ווייל דימיטרי האָט עס גוט אין קאָפּ. אַלע טאָג נאָך דעם באַגעגעניש פלעגט ער זיך באַהאַלטן אין אַ ווינקל גאַס, וואַרטן אויף רעוועקאַ'ן, זי דורכלאָזן און דערנאָך אַרויס־ווייזן זיך אַ הונדערט שפּאַן הינטער איר און באַגלייט מיט זיינע אויגן ביז אַהיים, טאָג נאָך טאָג, כוץ זונטיק. פיל מאָל האָט זיך דימיטרי באַגעגנט מיט אירע אויגן אין איר פּאָטער'ס קראָם, ווען ער פלעגט קומען נאָך קליינגעלט פונקט דאַמאָלסט, ווען רעוועקאַ האָט איר פּאָטער געהאָלפן עסן. אין אָוונטן פלעגט ער דורכגיין זיי־ער הויז און באַמערקן רעוועקאַ'ן לייענען. אַמאָל אין גאַס איר נאָכגעשפּירט און ניט געוואַגט צוצוגיין. „ער איז אַ רוס און זי — אַ אידין!"

אַז רעוועקאַ איז אַ קלוגע, אַז רעוועקאַ רעדט שיין, האָט זיך דימיטרי היינט דערוואוסט, זי האָט אים לאַגיש פאַרענטפערט אייניקע פראַגן, זי האָט אים פאַרשטאַנען, רעוועקאַ האָט אים אַרויסגעזאָגט דאָס, וואָס ער האָט

בלויז געטראכט: „איר ווייסט, דימיטרי, מיר דאכט איר וואלט געקענט זיין א גוטער רעדנער!“

.8

— און ווער האט געקענט פאראויסזאגן, אז פון קליינעם דארפישן שייגעצל מיט׳ן גרויסן קוטשמעלע, וועט אויסוואקסן א פארטראכטער דימיטרי וואסיליטש.

— האט רעוועקא ליגנדיק אין בעט געטראכט — דער בעסטער טאלמיד, שטיל און אנגענעם, אנגעלייענט מער ווי פיל די אידן אין זיין קלאס, אינטערעסירט זיך מיט הויכע פראבלעמען, ער וויל העלפן לערנען דאס פאלק, א גוטער און עדעלער, ווי ליבלאך: „איר וועט דערלויבן, רעוועקא, אייך אהיים באגלייטן?“...

בייטאג וואלט רעוועקא זיכער ניט דערלויבט, זי וויל ניט צולאזן יעסורים אירע עלטערן, כאטש זי איז שוין א גרויסע, א גענוג אויסגעוואקסענע צו זיין זעלבסט־שטענדיק, דאך, אידישע אויגן וועלן קוקן, אידישע גאס וועט טייטן מיט די פינגער: „א וועלט געווארן, נאכעמס טאכטער גייט מיט א שייגעץ!“

.9

די ריזיקע קראפט פון א רעוואלוציע, קענען נאר וויסן די יעניקע, וועלכע לעבן אין איר. ניט אין לאנד פון איבערקערעניש, נאר אין דער רעוואלוציע, אין דער באוועגונג, אין קאמף. בלויז א פאר מאנאטן ווי רוס־לאנד האט צעבראכן די צארישע וואנט, האט נאך אינגאנצן ניט אויפגעהויבן דעם קאפ, נאך ניט אויסגעגלייכט די פלייצעס, האט זיך נאך רעכט ניט ארומגעקוקט, און דאך שוין אויפגערודערט דאס גאנצע פאלק און באזונדערס די יונגע...

דימיטרי האָט זיך שוין אַרומגעטראָגן מיט אַ שווערן פּאַק צירקוליאַרן, באַפעלן און אינסטרוקציעס. אַלע טאָג געהאַלטן רעדעס אויף מאַסן־מיטינגען, פּאַרטיי־פאַרזאַמ־לונגען, פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, קולטורעלע באַראַ־טונגען; די רעוואָלוציע האָט אים אונטערגעשטופּט, פון טאָג צו טאָג איז דימיטרי געוואַקסן, ניט באַמערקנדיק זיך אַליין. דער רואיקער דימיטרי מיט זיין רואיקן שפּאַן, האָט אָנגעהויבן אַליין, קימאַט לויפן אויף גיך, עפּעס איבערכאַפּן, און שנעל אַוועק אויף אַ זיצונג, עפּעס האָט זיך פון ערגעץ אַרויפגעלייגט אויף אים אַ כוואַל: „אַר־בעט פאַר'ן פאָלק!"

— איר ווייסט, רעוועקאַ, פיל מאָל ווייס איך ניט וואָס צו רעדן, אָבער ווי באַלד איך קום אַרויף אויף דער בינע, דערזע אַז אויגן וועלכע פאָדערט עפּעס, גיט זיך אַ לאָז מיט אַמאָל און עס קומט אַרויס גוט.

— ס'מוז אַרויסקומען גוט, דימיטרי, ווייל איר ווייסט וואָס צו רעדן.

— אָבער איך פיל, אַז מיינע רעדעס זענען איבער־פלעכלאַך, יונג, ניטאָ אין זיי קיין טיפע געדאַנקען. איך דאַרף נאָך לערנען.

— דערווייל איז נאָך ניט נויטיק, ווייל דער אַרבע־טער און דער פויער פאַרשטייען נאָך ניט קיין טיפע זאַכן, אין איין וועגס וועט איר זיך מערער אַנטוויקלען.

— יאָ, רעוועקאַ, מיר דאַכט, אַז איך וואַקס. איך וועל רייכער מיט נייע ווערטער, נייע געדאַנקען, נייע געפילן.

— ניט נאָר ביי אייך, דימיטרי, ביי מיר, ביי אַלע, וועלכע אינטערעסירן זיך מיט דער באַפרייאונג פון דעם אַרבעטער־קלאַס. מיט דער באַפרייאונג פון דער מענטש־

הייט — שאַרפט זיך שנעלער דער מויעך, דאָס האַרץ ווערט אַנגעפּילט מיט שיינע געפילן, און טיפע נעשאמע גלאַנצט אַרויס פון די אויגן. אויף אונז שיינט דער שטראַל פון גליק, פון צוקונפט, פון עמעסן לעבן! ...

— רעוועקאַ, אַנטשולדיקט. אָבער איך מוז אייך זאָגן, ניט — נאָר אייער געזיכט איז שיין, אייערע אויגן טיף, אייער קערפּער רייצענד — אויך אייער שפּראַך איז קלינגענד, אייער לאָגיק געזונט, אייער גלויבן פעסט, און אייער טריט איז זיכער... איר וועט ניט בערויגעז זיין, איך מוז דאָס אייך זאָגן, כאָטש איך ווייס, אַ ס'שטייט ד אָ ך אַ הויכער מ ו י ע ר צווישן אונז!.

— אַ, דימיטרי וואַסיליטש, רעדט ניט אַזוי. איך וויל דאָס פון אייך ניט הערן, ווייל איר טאָרט אַזוי וועגן מיר ניט רעדן.

— איך ווייס, רעוועקאַ נאַאומאָוונאַ, איך האָב שוין פיל געלייענט פון אַזעלכע צוזאַמענטרעפענישן און אויס־געלאָזט האָט זיך מיט טראַגעדיעס, אָבער דאָס האָט גע־שען אין די אַלטע צייטן, מיר פאַרשטייען אַנדערש די וועלט.

— אונזערע עלטערן האָבן אויף אונזערע נעשאמעס אַ טיפן שטעמפּל אַרויפגעצייכנט. מיר זיינען דאָך נאָר דער ערשטער דאָר פון דער נייער וועלט.

10.

די סאָוועטן רעגירונג האָט געשלאָסן שאָלעם און צעלאָזט די אַרמיי. די גרויע־און־שאָקאָלאָד־פאַרב שינעלן האָבן פאַרפלייצט די באַנען, די גאַסן און די פון שטאָט־אין־דאָרף וועגן, דער ניט צופרידענער, שלעכט־דערצויגע־נער, אַהיימגייענדער רוסישער סאָלדאַט האָט דערזען,

אַז איז דער צייט, ווען ער האָט בלוט פאַרגאָסן אויפ'ן שלאַכט־פעלד, איז דער קרעמער באַרייכט געוואָרן. דער סויכער האָט אָנגעזאַמלט געלד און די שטאָטישע גאַס האָט ג ע ל ע ב ט . ער, דער ווילדער עלעמענט, וועלכער איז געווען אַזוי פאַרבלענדט, פאַרפירט און אַנ־טיסעמיטיש אויפגעוואַקסן, האָט אויסגענוצט זיין גע־ווער, וואָס ער האָט מיט זיך פון פראָנט געבראַכט, און האָבענדיק אַ פּאַרטיקן אויסרייד „בורזשוי", האָט ער פּאַשעט גערויבט בייטאָג און ביינאַכט.

פון איינציקע, האָבן זיך צונויפגעשטעלט גרופּעס, מאַכנעס, באַנדעס, און אָנפירער האָבן זיך שוין אַרויסגע־רוקט, צונויפגעבונדן מיט אוקראַינישע נאַציאָנאַליסטישע אידייען, זיינען די שיקערע ניקאָלאַי'ס אָפיצערן און גע־נעראַלן, אַרויס פון די לעבער און אויסגענוצט די בלינ־דע ווילדע באַנדעס. צו נעמען נעקאָמע פון די , וועלכע האָבן זיי אַזוי מיאוס אָוועקגעשליידערט, פון די, וועלכע האָבן זיי אַראָפּגעוואָרפן פון זייער אויבן־אָן...

דימיטרי וואַסיליטש איז אַרומגעגאַנגען אַ צומיש־טער, ער האָט זיך געפילט שולדיק קעגן זיינע אידישע באַווײַרים, נאַכעמ'ן און באַזונדערס רעוועקאַ'ן. ער האָט אַלץ געטראַכט, וואָס קען מען אויפטאָן דערוויילּ כאָטש צו ראַטעווען זיין שטאָט פון באַנדיט גריגאָריענקאָ, וועל־כער וועט זיך שרעקלאַך נויקעם זיין. זאָל ער אַרויס פון שטעטל, פאַרלויפן דעם וועג און בעטן: „וואַסקאָ, טו דאָס צוליב מיר, דיין אַלטן דאָרפס־כאַווער, קום ינט אין שטעטל!" אָבער ער וועט אים ניט פאָלגן און וועט אים דימיטרי'ן, זיכער שיסן, ווייל, ווייל... דימיטרי וואָלט וואַסקאַ'ן געשאָסן צו יעדער צייט.

פּלוצלונג איז דימיטרי'ן אַריין אַ געדאַנק. ער האָט

א ווײַלע אַרומגעטראַכט און אַוועק צו דערפּילן, עפּשער וועט אים געלינגען.

.11

— דו גלויבסט עס, רעוועקאַ, — האָט נאָכעם אַ פאַרצאַרנטער געפרעגט — אויף דימיטרי וואַסיליטש, אויף אונזער דימיטרי׳ן, אויף דיין דימיטרי׳ן ?

— עפעס גלויבט זיך ניט, ס׳ווילט זיך ניט ליגן אַזוי לייכט אויפ׳ן געדאַנק, אַז דימיטרי זאָל לאָזן די שטאָט אין געפאַר.

— אַז דאָס טעכטערל איז געראָטן אין טאַטן און דער טאַטע אין טעכטערל, דימיטרי, אויך מיר אַ מענטש, מע מאַכט פון אים אַ גאַנצן צימעס. איך האָב געזאָגט פון אָנהויב אָן, אַז אַ גוי בלייבט אַ גוי. דערציילן זיי מיר, דימיטרי איז אַן אַנדער מענטש. וועסטו זען, גאָט זאָל מיך ניט שטראָפן פאַר די רייד, אַז דימיטרי אַליין וועט נאָך אויך העלפן שלאָגן אידן.

— אוי מאַמע שווייג , דו קענסט ניט דימיטרי׳ן.

— אָבער עס איז דאָך אַ פאַקט ריווקעלע — האָט נאָכעם ווי שאָלעם געזוכט — וואָס זאָגט דאָס בלעטל :

„אַלע פאַרטייאישע און מיטפילנדע זאָלן זיך צו־נויפזאַמלען נעבן רעווקאָם, ביינאַכט פאַרלאָזן מיר די שטאָט ! “

„קאָמענדאַנט, כאַווער דימיטרי“.

— און ווייסט וואָס דימיטרי האָט זיי געענטפערט, ווען רעב שאָלעם ראַפּאָפּאָרט און רעב יעיקל מעקלער זיינען אים געקומען בעטן אין נאָמען פון דער שטאָט ?

— וואָס, נאָכעם ? — האָט לייקע זיך איטערעסירט.

— העלפט אייך אַליין, איך קען דאָ גאַר ניט העלפן, מיר מוזן פאַרלאָזן די שטאָט !“

— נו ריווקעלע, וואס ווילסטו איצט זאגן ? — האט לייקע שיר געוויינט.

— איך גלויב ניט, עס גלויבט זיך ניט, מאמע, עס גלויבט זיך ניט. און עפשער ?... האט זיך ריווקע׳ן אריינגעכאפט אין געדאנק, דערפאר, ווייל זי האט אים געענטפערט נעגאטיוו, זי האט אים מיטאמאל אפגעענטפערט, ניט טראכטנדיק אפילע, ניט געבנדיק אים קיין שום האפענונגען, זאל זיין פאלשע, בלינדע, אבער דאך האפענונגען... זאל דערפאר דימיטרי זיך אינגאנצן איבערקערן, אראפגיין פון זיין, פון אונזער וועג, איבערלאזן אין געפאר א שטאט מיט אידן, אידישע ארבעטער, איר פאטער, פאני נאאומ׳ען. פארגעסן אלע אידייען און צילן אין לעבן, און עפשער... האט זיך דימיטרי געפירט גוט א דאנק רעוועקא׳ן, עפשער האט דימיטרי פון לאנג געטראכט וועגן איר און דערפאר איז ער אזוי ערנסט געווארן. דערפאר האט ער זיך אינטערעסירט מיט ביכער, זיך אריינגעטראכט אין ערנסטע פראגן קעדעי רעוועקא׳ן געפעלן, האט ער אויסגעזוכט די אלע קלינגענדיקע פראזן, שיינע שמועסן, רעוועקא׳ן פאראינטערעסירן... קאן אזעלכעם טרעפן אין לעבן ? — האט זיך רעוועקא נאך ערנסטער פארטראכט — און אויב דער פייערדיקער דימיטרי וואסיליטש האט דאך ניט דערגרייכט רעוועקא׳ן, איז ער מיטאמאל פארלאשן געווארן, און פון אים איז איבערגעבליבן בלויז א גוף, דער דארפישער שייגעץ, צוליי שטיוול און די גרויסע קוטשמע ?

12.

ווען דימיטרי וואסיליטש מיט זיין גאנצער באוואפנטער, דאך קליינער מאכנע, האבן שוין געלאזט דאס

שטעטל הינטער זיך, האָט דימיטרי באַפוילן זיך אַריינ־לאָזן אין וועלדל. די כאַוויירים האָבן ניט פאַרשטאַנען, דאָך זיינען זיי נאָכגעגאַנגען דימיטרי׳ן. מ׳האָט זיך אויס־געלעגט אויף דעם גראָז, צווישן זיך געשמועסט וועגן דימיטרי׳ן און אייניגע כאַווירים האָבן שטיל אַריינגע־וואָרפן אַ כשאַד אויף דימיטרי׳ן. דימיטרי האָט זיך צו־געשפּאַרט צו אַ בוים און געלייענט זייערע אויגן, אין אייניגע פון זיי האָט ער דערקענט מוירע, צווייפל און נאַאיווקייט. ער האָט געטראַכט וועגן שטעטל, וועגן די אידן, וועגן רעוועקאַ׳ן און פון זייערע געדאַנקען וועגן אים, דימיטרי וואַסיליטיש׳ן, אין איצטיקן מאָמענט. אָבער אויב עס וועט אים געלונגען, האָט זיך אַ שמייכל צעגאָסן אויף זיינע ליפּן און געזיכט, וועט ער נאָך גרע־סער אויסוואַקסן אין די אויגן פון שטעטל און באַזונדערס ביי רעוועקאַ׳ן.

— כאַוויירים, ווער פון אייך וועט מיך פאָלגן?

מיטאַמאָל האָבן זיך אויפגעהויבן אַ זעקס אוג נאָך זיי, פאַר בושע אַלע.

— הערט, איצט וועל איך אייך דערציילן מיין פּלאַן. איך האָב אומיסטן געקלעפּט בלעטלאַך און אָנגעזאָגט אין שטעטל, אַז מיר פאַרלאָזן, קעדעי דער באַנדיט גריגאָ־ריענקאָ זאָל זיך פילן פריי אין שטעטל, זאָל צעוואָרפן זיינע קרעפטן, דאַמאָלסט וועלן מיר זיי באַפאַלן אומער־וואַרטעט און זיי צעשלאָגן.

— בראַוואָ! בראַוואָ! — האָבן אַלע אונטערגע־כאַפּט און אַ נייע נעשאָמע איז אין זיי אַריין.

— איצט, — האָט דימיטרי שוין מיט מער שמייכל גערעדט, — ווער פון אייך וועט גיין אין שטעטל און אָפּ־וואַרטן גריגאָריענקאָ׳ן און אונז באַלד געבן צו וויסן, מיר

זאָלן ניט פאַרלירן קיין צייט און אומזיסטע אומשולדיקע קאַרבאַנעס.

* * *

ווען בערל שניצער און סערגעי מאַראַז האָבן שטיל געזוקט זיך נעבן די ווענט פון די אידישע הייזער, גאַנ־וועגנענדיק זיך פון איין געסל צום צווייטן, האָבן זיי מיט די פינגער צווישן זיך גערעדט: וועגן טויטקייט פון שטעטל, וועגן שרעק, וואָס האָט זיך געפילט אין דער לופט, און וועגן דער שטילקייט אין די הייזער, וואָס בערל האָט עם שטאַרק פאַרשטאַנען און געפילט און סער־געי'ען איבערגעגעבן. זיי זיינען דורך דעם פוסטן מאַרק. דורכגעלאָזט די הילצערנע קלייטלאַך און זיך דערנענ־טערט צו דער אַרויסשטאָטישער גאַס:

— שאַ, סערגעי, הער זיך איין, אַ פערד־פיס געקלאַפּט.

און באַלד האָט זיך באַוויזן אַ רייטער.

בערל און סערגעי האָבן זיך אַריינגערוקט אין אַ ווינקל. דער רייטער האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך אויסגע־דרייט אַ אוועק צוריק. און זיי, האָבן זיך אַוועקגעאיילט דורך דער אַנדערער זייט שטאָט אין וואַלד אַריין.

13.

— זעסט, עס רוקען זיך צוויי שאָטנס ביי די ווענט — האָט נאָכעם שטיל געזאָגט זיין טאָכטער, קוקנדיק אין פענסטער דורך דער שפּאַרונע פון לאָדן אין דרויסן אַרויס.

— זיי גייען צו אונז, אָבער דאָס זיינען ניט קיין באַנדיטן, גיכער צוויי פאַרשפּעטיקטע, וואָס לויפן זיך ערגעץ באַהאַלטן.

— שאַ,שאַ, בויג זיך אַראָפּ, זעסט אַ סאָלדאַטיש היטל.

— אוי, ווי, קומט, נאָכעם, ריווקעלע, לאָמיר זיך באַהאַלטן.

— ס'איז דאָך נאָך שטיל, שאַ, מאַמע, ס'איז נאָך שטיל.

— אָט קומען זיי נעענטער.

— אוי, טאַטע, איך דערקען זיי. דאָס איז — דאָס איז בערל שניצער און סערגעי, ווי קומען זיי איצט אַהער, זיי זיינען דאָך אַוועק מיט דימיטרי'ן?

— יאָ, דאָס איז טאַקע בערל דעם סטאָליאַר'ס.

— מיילע, סערגעי, אַ גוי, מען וועט אים גאָרנישט טאָן, אָבער בערלען וועט מען דאָך זיכער שיסן.

— זעסט, ריווקע, דיינע, דיינע...

אַ שאָס פון אַ ביקס האָט דורגעריסן אין דער שטי־לער שטעטלדיגער לופט. אַ ווײַלע האָבן זיי זיך ניט גע־רירט פון אָרט. ס'איז ווידער שטיל געבליבן. די שאָטנס זיינען פאַרשוואונדן און זייער קאָל איז געוואָרן שטילער.

— גוואַלד, קומט שוין אויפ'ן בוידעם — האָט לייקע זיי געקניפּט.

מע זעט דאָך קיינעם ניט, מאַמע, מאַלע וואָס עמי־צער האָט געשאָסן, עפּשער... נאָר זי האָט ווייטער ניט גערעדט, ווײַל ס'האָט ווידער זיך צעהילכט אַ שאָס, נאָך אַ שאָס, דריי, פיר, פינף, זעקס... יעדער שטיל, טויט, פינסטער.

— קום, מען שיסט שוין פול, „זיי" זיינען געוויס אין שטאָט.

— באַלד, נאָך אַביסל מע זעט דאָך קיינעם ניט, טאַטע.

— כ'האָב מוירע, טאָכטער, ס'זאָל ניט זיין שפּעט. מע זאָל אונז ניט דערהערן.

— זיי ווילן פריער גיין צו די רייכע, זיי ווייסן, זיי ווילן גיין צו די גאָלד־און־זילבער־קראָמען, באַלד מע זעט ניט קיין... זי האָט ניט דערענדיקט, ווייל מיט אַמאָל האָט זיך צוקייקעלט אַ שיסעריי פון אַ קוילן־וואַרפער. שטיל האָבן זיי זיך איינגעבויגן, אַרויסגערוקט פון דער הויז, אַרויפגעקלעטערט אויפ'ן לייטער, אַריין אין בוידעם און מיט גרויסער שטילער שווערקייט, מיט דער הילף פון צוגעבונדענע שטריק, אַרויפגעשלעפּט דעם לייטער צו זיך און פאַרשפּאַרט דאָס טירל.

— טאַטע, מאַמע, לאָמיר זיך אויסציען צו דער ערד, דאָס איז דער בעסטער מיטל, האָט דימיטרי מיר געזאָגט, צו פאַרהיטן זיך פון אַ קויל.

— שששששאַ, מיר ווילן...

אויף דער גאַס איז הילכיגער און הילכיגער געוואָרן. די שיסערייען, זיינען געוואָרן אָפטער און שטאַרקער, זיי האָבן דערהערט שוין געלויפעריי פון פערד און מענטש־לאַכע שטימען פון דער ווייטנס.

— וואוהין רוקסטו זיך, ריווקעלע, — האָט שטיל איר פאָטער באַמערקט.

— שאַ, טאַטע, איך זוך אַ שפּאַרונע.

— כ'בעט דיך, טאָכטער, קוק ניט, קוק ניט, טאָמער ווילן זיי נאָך באַמערקן.

— ס'איז פינסטער, פינסטער אויף דער גאַס.

אַ טראַסק פון אַ פענסטער מיט אַן אויסגעשריי. באַגלייט מיט עטלאָכע שאָסן, אַ שטאַרקער קלאַפּ אין אַן אייזערנער שטאָר, אַ שווערער שטיין־קייקל פון אַן אָפּ־שפּרונג. ווידער שטיל. עטליכע שאָסן. גראָבער מענער־

שער געלעכטער, אַ פּאָר קלעפּ. אַ פענסטער האָט צוקלונגען און צעפּיצלט זיך, שטיל געבליבן ליגן. אַ הייזעריקער הילך, שיסעריי, שטיל. אַ גוואלד פון ערגעץ, געלעכטער, אַ לאַנגער פייף, געקלאַפּ, שיסעריי, שיסעריי, הוראַ געשריי, אויסרופן, טרומייט־צייכנס, שיסעריי פון צוויי זייטן, הוראַ, געשריי, אויסרופן אייסמיש־געטומעל, שיסעריי, שאָס, צווייטער שאָס, זעלטענער, ווייטער אַ שאָס, שטיל, איין־שטימע־רוף, שאָס, געלויף, שטיל, שטיל שטיל.

14.

— עמיצער קלאַפּט אין אונזער טיר, ריוווקעלע, הער זיך איין:

„פּאַני נאום, רעוועקאַ נאַאומאַוונאַ, מיר האָבן זיי צוקלאַפּט, פאַרטריבן, איך בין געקומען אייך זאָגן, איר זאָלט רואיק שלאָפן."

— דימיטרי'ס קאָל, ווי קומט ער אהער, שאַ, הער, דימיטרי ?... שטעק אַרוים דעם קאָפּ, טאַטע, ס'איז שטיל גיב אַ קוק דורכן לאָד.

— קוק ניט, נאָכעם, קוק ניט.

— לאָמיר נאָך אַמאָל הערן:

„איך, דימיטרי, האָט ניט מוירע, מיר האָבן זיי צושלאָגן, גריגאַריענקאָ ליגט טויט, זייט רואיק, ענטפערט בלויז, אַז איר הערט מיך, רעוועקאַ נאַאומאַוונאַ".

— יאָ, ס'איז דימיטרי, איך לאָז אַראָפּ דעם לייטער. זייענדיק זיכער, אַז ס׳איז דימיטרי'ס קאָל, אַז קלאָר און שאַרף האָט ער אָנגעזאָגט די בסורע, אַז דער באַנדיט גריגאַריענקאָ איז טויט און זיין באַנדע צוקלאַפּט, דאָך האָט נאָכעם פאַרזיכטיק אַריינגעקוקט אין שפּאַלט פון

לאדן, איבערצייגט זיך אז ס'איז ווירקליך דימיטרי, האט ער שטיל געעפנט די טיר.

— כ'האב דערפאר קיינעם ניט אויסגעזאגט מיין פלאן — האט דימיטרי דערקלערט — ווייל איך האב פארשטאנען, אז בלויז דער געדאנק, אז ס'וועט פארקומען א פאגראם, וועט בסאד סוידעם אריבערטראגען פון הויז־צו־הויז, אז „דימיטרי וואסיליטש וועט זיך אומקערן ביי־נאכט!" און אט דאס וואלט זיך געפילט אין דער לופט. דער ניקאלאיעווער אפיצער גריגאריענקא, וואלט דאס דערשמעקט און וואלט זיך עפשער שטארקער גע־האלטן. איך גלויב, אז ס'האט זיך ארויסגעוויזן, אז מיין פלאן איז ריכטיק.

15.

— רעוועקא נאאומאוונא, אויב איר ווילט בלייבן לעבן, ברייננגען נוצן דעם אידישן ארבעטער קלאס, דעם רוסישן ארבעטער און פויער און דער מענטשהייט ביכלאל, מוזט איר פארלאזן די שטאט און גיין מיט מיר.

— דימיטרי וואסיליטש, איך פארשטיי די ערנסטע לאגע, איך ווייס וואס עס דערווארט מיך אבער סע פעלט מיר דער מוט איבערצולאזן מיין מוטער און פאטער און עפשער זייער ווייניק נוצן ברייננגען דער רע־וואלוציע.

— מיט וואס קענט איר זיך באשיצן אדער העלפן אייערע עלטערן? איך גלויב, אז דער סוינע וועט האבן מיטלייד מיט עלטערע; אייער פאטער און מוטער וועלן זיכער בלייבן לעבן, אויב איר בלייבט איז עס אויף א זי־כערן טויט און נאך ערגער...

— איר האט רעכט, דימיטרי וואסיליטש, אבער, אבער... איך קאן אייך נים זאגן.

— איך פארשטיי, רעוועקא נאאומאָוונא, אָבער איר טאָרט אזוי ניט טראכטן, איר קענט מיך פון מיין ערשטן ארײנטריט פון דארף אין שטאָט, איר האָט זיך פאר דער לאנגער צייט איבערצייגט, אז דימיטרי וואסיליטש איז, דאכט מיר, אָרענטליך, און אויב איך רוף אייך, הייסט עס, אז איך נעם אויף זיך די פאראַנטוואָרטליכקייט אייך אפּצוהיטן — אייער נעשאָמע און קערפּער, אייער קאָוועד און שטאָלץ.

— ס'טרעפט פארשיידענע מאמענטן אין לעבן, באַזונדערס אין רעוואָלוציאָנערע צייט: דערפאָלג און פארלוסט, לעבן און טויט, שפּילן זיך פאר אונזערע אויגן טאָג־טעגלאך, און אויב מע וועט אייך רופן אין שלאכט אריין, וועט איר דאך מוזן גיין און איר קענט ניט זיין זיכער, וואוהין די קויל פליט, און איך וויל ניט, אז מיין איך זאָל איבערוועגן ביי אייך דעם ק א מ ף!

---

## העלפט מעקאַבער זיין די מייסים!

מיין פאָלק!

בייזע הערשער האָבן אַפן הימל געטער אויסגעטראַכט, פעלקער זאָלן שקלאַפן מיט אַ בלינדער מוירע.

איך האָב זיך געשטעלט אין די קעמפער רייען, מיט אַלע, וועלן מיר דיך אויך באַפרייען.

ק א פּ י ט ל א.

...ווען דער ווילדער געשריי פון דער כאַיע איז שטיל געוואָרן, בין איך ארויס אויפ'ן שטעטל באַקוקן דעם אידישן כורבן... און געוואָלגערט האָבן זיך מיינע ברײ־

דער און שוועסטער, אין טייכן בלוט אין אלע גאסן. זע־קיינים האט מען פאר'ן הארגענען אראפגעשארן באָרד און פייעס, אויערן און נעז. זעקיינעס האט מען צעהאקט אין שטיקער און פיצלאך. יונגע אידן זיינען געבליבן אן קעפ. יונגע שוועסטער זיינען נאקעטע געבליבן טויט פון פיל מאטערנישן און ווייען, וואס דער סוינע האט שפאטיש געשפילט און שענדלאך געטאנצט אויף זייער לייב. אלס א סימן פון דער באהעפטונג האבן זיי אין פיל פרויען־טראכטן אריינגעשטעקט א שטיק אייזן אדער א שטיק האלץ... קליינוואַרג, צעריסענע, האבן געהאלטן זייערע אויגן נאאיוו אפן, ארויף צום הימל... פיצלאך און ברעקלאך פון זויג־קינדער האבן ארומגערינגלט מאמעס...

...איך האב געוואגלט פון קערפער צו קערפער און פון לייב צו לייב. איך האב אויפגעהויבן א קאפ. איך האב אריינגעקוקט אין שרעק־אייגן, וועלכע האבן איידעס גע־זאגט, אז דער גוף איז געשטארבן, איידער מען האט אים גענומען דעם טויט... איך האב אויפגעהויבן נאך א קאפ. נאר קיין אויגן איז שוין דארט ניט געווען.

איך האב געקוקט אויף די צוהארגעטע קערפערס. איך האב געבליקט אויף די צעווארפענע שארבנס, איך האב געגלאצט אויף די צעשמעטערטע ביינדלאך... און איך האב געלעקט דאס זודיקע רויטע בלוט...

איך בין געפאלן מיט מיין גייסט. מיין הארץ איז פארציטערט געווארן. מיינע גלידער האבן געשווידערט, און מיין נעשאמע האט געוויינט...

ק א פ י ט ל  ב.

...אין א כוישעד־שוואַרצן וואלקן־מאנטל: פון זע־קיינים און זעקיינעס טרערן געפלאכטן, פון מאמעס און

טאַטעס טרערן געשטריקט, פּנן בסולעם און באַכערימס טרערן געוועבט, און פון קינדער און וויג־און־זויג נע־פּאַשעמלאַך ארומגעבונדן, מיט אַ פייער־קרוין פון רויט־סטן בלוט האָט זיך גאָט באַוויזן און געשוועבט איבערן רוים פון שטעטל און צו מיר אזוי געזאָגט:

„הער צו מיינע ווערטער!

„פּאַרדעק די נאַקעטע! זאַמל צונויף די ביינער! ברענג צוזאַמען די גלידער! גיס צונויף דאָס בלוט! און גיי רוף מיינע קינדער אין: מ י י ן נ אָ מ ע ן, זיי זאָלן קומען דיר העלפן מעקאַבער זיין די מייסים!“

גאָט׳ס פאַרכט איז אויף מיר געפאַלן, די וועלט שרעק איז אריין אין מיין הארץ, אַ יאָמער־שטורם האָט זיך געטרייסלט, מיינע פיס זיינען שוואַך געוואָרן און איך בין געפאַלן צו דער ערד!

אַ פאַרבאַרגענע האַנט האָט מיך אָפּגעריסן פון דער ערד און מיך אויפגעשטעלט, און איך האָב זיך גענומען דערפילן גאָט׳ס באַפעל!

## ק אַ פּ י ט ל ג.

צונויפגעוואָרפן האָב איך מאַטעריאַל פאַר טאַכרי־כים, צונויפלעכטן צודעקס, צונויפקניפּן שטריק: פּאַסן פאַרשמוציטע פאַרמעט, טאַלייסים מיט בלוט פאַרשפּריצ־טע, בעגאַדים פון אָרימע און זידענע, גאַרטלען און רע־צועס, דעם ערעץ איסראָאייל־פּאָרויכעס און מענטעלאַך, זיידענע קאַפּאָטעס און קאָפּ טיכער און אַנדערע פאַר־שידענע קליידער צעפליקטע, וואָס דאָס אויג האָט ניט דערקענט זייער צורע.

צום ערשטן האָב איך ארומגעוויקלט מיינע נאַקעטע

געשענדעטע שוועסטער, ארומגעבונדן מיט אדערן און קישקעס און צוגעדעקט מיט פרויען קליידער.

דערנאך האב איך צונויפגעטראגן אלע קליינע אוי־פעלאך, צוגעדעקט מיט זיידענע טאליסים, צונויפגע־בונדן מיט זיידענע גארטלען און ארויפגעלייגט דעם צע־שטאכענעם פארויכעס.

איך האב אלע זעקיינים און יונגע אידן פארדעקט מיט קאפאטעס, צונויפגעצויגן מיט רעצועס און ארויפגע־לייגט אויף יעדן א יארמעלקע.

אלע זעקיינעס און מאמעס האב איך איבערגע־שפרייט און ארויפגעלייגט קאפ טיכער.

און אויסגעשפרייט האב א גרויס פלאץ און צונויפ־געבראכט אלע גלידערלאך און ביינדעלאך, אלע פייעס און בערד.

און גענומען האב איך א לאנגן פוס פון א יונגן באַ־כער, האב צוגעשטיקט א לאנגע ברייטע בארד פון א זא־קיין און האב צונויפגעפירט, צונויפגעגאסן אלע טייכן בלוט אין איין גרויסן יאם!

קאפיטל ד.

איך האב גענומען א האנט־ביינדעלע פון א זויג־קינד, איך האב איינגעטונקען אין בלוטיקן יאם, און גע־שריבן אויף שטיקער פארמעט  ד ע ר ו ו י י ל י ק ע  מאציייוועס.

„פוי ניקבאר.

„דא ליגן מיינע שוועסטער, וועלכע דער סוינע האט ווילד געמאטערט פאר'ן טויט, בעשאאס אין אויסגיין און נאכ'ן שטארבן!

„פוי ניקבאר.

„דא ליגן זעקיינים, וועלכע דער סוינע האט ארומ־

דער סוינע האט צעקוועטשט און צע-טראטן!

„פוי ניקבאר.

„דא ליגן זעקיינים, וועלכע דער סוינע האט צע-געשניטן באַרד און פייעס, נעז און אויערן, דערנאך זיי געמערדערט מיט געלעכטער!

„דא ליגן זעקיינעם, וועלכע דער סוינע האט צע-שניטן אין שטיקער אלס א באשלוס, אז זייערע ליי-בער טויגן שוין נאר פאר הינט!

„דא ליגן באַבערים מיט יונגע אידן, דער שטאלץ פונ'ם שטעטל, דער קאַוועד פון דאר, וועלכע דער סוי-נע האט געברענט און געבראטן, ארויסגעשלעפט צונגען און אפגעהאקט קעפ!

„דא ליגן קעפעלאך, הענטעלאך, פיסעלאך, גלידער-לאך,ביינדעלאך פון נעפעשלאַך, וועלכע וואלטן געוועזן גאוינים, גרויס געלערנטע, זיי וואלטן געבראַכט נייעס, דעם אידישן פאלק און דער גאנצער וועלט!

„דא זידט דאס בלוט, וואס דער סוינע האט פאר-גאסן און איך האב צונויפגעפלאסן אין איין גרויסן רוישנדן רויטן יאם!“

אז איך האב פארענדיקט מיין ארבעט, האב איך אוועקגעלייגט מיין פעדער, אפגעווישט מיין קאלטן שוויים פון שטערן, אויסגעגלייכט מיין גוף, אויפ-געהויבן מיין קאפ, אויסגעשטרעקט מיינע הענט און גע-טרערט מיט די אויגן.

וואוהין איז מיין וועג?!

## קאפיטל ה.

א שווארצער וואלקן האט באדעקט דעם הימל פון

שטעטל, אנגעהויבן האט בליצן און דונערן, א שרעקלא־
כער שטורם האט זיך אנגעטראגן, גאט האט זיך בא־
וויזן מיט זיין קאאס און צארן:

„דיין וועג איז פארשטעלט מיט דערנער! מיינע
קינדער זיינען  פ א ר ע נ ד ע ר ט  געווארן, זיי וועלן
דיר ניט גלויבן אויף דיין ווארט! נעם מיט  ס י מ א־
נ י ם  פון כורבן און שארף אן דיין צונג!"

איך האב צונויפגענייט פון א גרויסן פארבלוטיקטן
טאלים א זאק, אנגעפילט מיט ביינער און גלידער און
פארצויגן מיט א רעצוע.

איך האב גענומען א קרוג און אנגעשעפט בלוט.

איך האב ארומגעוויקלט אין פארמעט פיסעלאך
אין־דער־לענג און איינגעצויגן מיט ציצעס און גארט־
לען, וואס האט מיר געדינט פאר א שטעקן. דאס אויערל
פון קריגל האב איך צוגעקניפט צום שפיץ פון זאק און
אויפגעהאנגען אויף מיין לינקן אקסל און אין דער רעכ־
טער האנט האב איך גענומען מיין שטעקן און זיך גע־
לאזט אין וועג אריין.

קאפיטל ו.

ווען איך האב זיך דערנאענט צום וועלדל, האט זיך
די זון אראפגעלאזט אונטער'ן בארג. איך האב אראפ־
געלאזט מיין מאסע צו רוען אונטער א ביים, שטיל איז
געווען אין וועלדל, א נישטיק ווינטעלע האט געבלאזן.
די בלעטער האבן זיך געשושקעט און א פויגל האט ער־
נעץ געזונגען טרויעריק, ס'קען זיין ער האט מיר געהאלפן
וויינען און קלאגן.

איך האב זיך צוגעזעצט אויפ'ן גראז און איינגע־
שלאפן. האב איך זיך אויפגעכאפט אין מיטן דער נאכט;

ס'האבן זיך ארויסגעלאזט די שטערן איבער'ן הימל, די לעוואנע האט געשיינט אין דריי פערטל, און ארום דעם וועלדל האט געשמעקט.

איך האב גענומען מיין פ א ק און ק ר ו ג אויף דעם אקסל און דעם שטעקן אין האנט און בין ווייטער געגאנגען. איך האב דורכגעשניטן דאס וועלדל, ארויס אויפ'ן ברייטן וועג, זיך גענומען אויף די פעלדער, דורכ־געלאזט דאס דערפל און דערזען פון דער ווייטנס א שטעטל.

די שטערן האבן זיך פארשעמט און זיינען פאר־שוואונדן געווארן פאר דער ליכט פון דער זון, וואס האט זיך ארויסגערוקט פון צווישן די בוימער פון וועלדל.

נעבן דער ערשטער הויז פון שטעטל האב איך אראפגעלאזט מיין ז א ק און ק ר ו ג און זיך צו־געזעצט אויף דער פריזבע אביסל אפרוען.

אז די זון איז אינגאנצן ארויס, און דער איד פון דער הויז איז נאך ניט אויפגעשטאנען פון זיין שלאף, האב איך אנגעקלאפט אין זיין טיר, נאר קיינער האט מיר ניט געעפנט, האב איך גענומען מיינע א י י ד ע ם און זיך געלאזט אין שטעטל אריין!...

### ק א פ י ט ל ז.

איך בין געקומען אין די גאסן פון שטעטל. איך בין געקומען אויפ'ן מארק, נאר קיינעם האב איך ניט באגעגנט און איינעם האב איך ניט געזען. בין איך צו־געגאנגען צו א בייסאמידרעש, איז דארט אויך געווען פוסט.

די זון האט געוויזן, אז ס'איז שוין שפעטער פון פרי, בין איך צו צו א הויז, האב געקלאפט שטארק אין

דער טיר, נאָר קיינער האָט מיר ניט געענטפערט, ביז איך אַריין. אין ערשטן צימער האָב איך זיך אַ מ אַ מ ע נ ט דערשראָקן, אַ פֿאָטער מיט אַ זון זיינען געלעגן אָן קעפּ. בין איך אַריין אין צווייטן צימער, האָבן זיך געוואַלגערט אַ מאַמע מיט אַ קינד אָן קעפּ.

מיין האַרץ איז שוין פֿאַרשטיינערט געוואָרן. ס'האָט אפֿילו קיין ציטער ניט געטאָן. מיינע אויגן זיינען שוין אויסגעווייינט, איך האָב קיין טרער ניט געלאָזט.

איך האָב פֿאַרלאָזט דאָס הויז און אַוועק. איך האָב אין אַ צווייטן הויז געפֿונען זעקס נפֿשות אָ ן ק ע פּ.

איך בין געגאַנגען פֿון הויז צו הויז און געזוכט אַ א י ד ן מ י ט אַ ק אָ פּ, זאָל זיין אָן פֿיס, זאָל זיין אָן הענט, נאָר מ י ט אַ ק אָ פּ, נאָר איך האָב ניט געפֿונען!

דאָ האָט דער טייוול געשפּעט, דער מלאך־המוות האָט געלאַכט, און אַ שאַרפֿע שווערד האָט אַוועקגעפֿאָכט, אַוועקגעשמיסן קעפּ, לויט אַ באַפֿעל פֿון עפּעס אַ שיקער, פֿון סוינעס אַ הייסן באַלטאַווע.

דער רויש פֿון סוינעס כייל איז געווען אַ שטאַלצער, אַ בעל נזיקים, ער האָט ג ע נ ו מ ע ן נ ע ק אָ מ ע אויף אַ ווילדן אופֿן. ער האָט גאַרניט גערויבט, קיין זאַך ניט פֿאַרשמוצט. פֿרויען־לייבער ניט פֿאַראומרייניקט. ער האָט בלויז ג ע ה אַ ק ט ק ע פּ, בלויז ג ע ה אַ ק ט ק ע פּ!

די זון האָט געברענט אַ האַלבן טאָג און די שטראַלן האָבן אַזוי געבראָטן, אַז מיין אויג האָט ניט געקענט קוקן. פֿון אונטער צווישן דער זון האָט זיך באַוויזן געהילט אין אַ שוואַרצן מאַנטל, גאָט! און ער האָט צו מיר אַזוי געזאָגט:

„וואס וואגלסטו אויפ'ן בייסאלמען, וואס וואנ־דערסטו צווישן טויטע, קענען דען מ י י ס י ם באַ־גראבן מ י י ס י ם ! פארלאז דאס שטעטל און גיי צו די לעבעדיקע !"

## ק א פ י ט ל ח.

איך האב זיך ארויסגעלאזט פון שטיינערנעם וועג, באדעקט מיט שטויב, אויף ביידע זייטן האבן זיך גע־צויגן שיטערע וועלדלאך, שטרעקן־ווייז באזעצט מיט יונגע בוימעלאך און שטרעקן־ווייז אויסגעהאקט. איך בין געגאנגען, די וועלדלאך האבן זיך ווי נאכגערוקט, די צייט איז געפלויגן פאר אונז און די זון האט זיך אנגע־הויבן טונקען, טונקען...

איך האב דערזען פון דערווייטנס א טייכעלע קלאר וואסער, וואס פליסט פון ערגעץ אראפ. איך האב זיך אפגעשטעלט, אראפגעלאזט מיינע א י י ד ע ס , איך האב צונויפגעפעסט מיינע צען פינגער אין דער ברייט, אנגעשעפט וואסער און געטראגן א בראכע.

„געלויבט זאלסטו זיין, באשאפער, וואס דו האסט ארויסגעלאזט קוואלן פאר דארשטיקע !"

איך האב אנגעטראפן אויף בוימער מיט ניס, עפל און אנדערע פיירעס. איך האב אפגעריסן א צאל און ארויסגעלאזט א בראכע :

„געלויבט זאלסטו זיין, באשאפער, וואס דו האסט וואקסן געלאזט בוימער, זיי זאלן אנזעטיקן הונגעריקע דורכוואנדערער !"

און איך האב געגעסן פון די פיירעס ביז זאט.

איך האב גענומען דעם זאק, פארשטארקט דעם קניפ מיט'ן קרוג און בין ווייטער אוועק.

## קאפיטל ט.

אקעגן מיין וועג פון העט וויט, האט זיך ארויפגע־קייקלט א שווארצער געדיכטער רויך.

איך האב געמאכט מיינע טריט שנעלער, ביז איך האב דערזען פון נאענטן וויט, א שטעטל אויסגיין אין פלאמען!...

פון הילצערנע ארימע שטיבלאך איז געבליבן בערג־לאך אש. פון שטיינער און ציגל, זיינען זיך צעפאלן אין א ניט־ארדנונג און זיך געססמאלעט און געדרויכערט. רוי־טע און שווארצע שטיקער בלעך האבן זיך איינגעוויקלט אין זיך, און געקייקלט פון ארט צו ארט.

איך האב מיט מיין שטעקן געבישטערט אין דער אנגעווארפנקייט פון די נאך־נישט־אינגאנצן־צו־אש־גע־ווארענע הייזער, און איך האב ארויסגעשלעפט קערפערס האלב צעברענטע, האלב פארסמאלעטע, איך האב זיי צו־זאמענגעשלעפט אויף איין גרויס פלאץ און געזוכט מיט וואס זיי צודעקן, נאר אלעס האט דאס פייער איינגע־שלונגען!

איך האב שוין ווייטער געוואלט זיך לאזן אין מיין וועג, נאר פלוצלונג האט זיך באוויזן פון דער ווייטנס א מענטשן־געשטאלט, וואס האט מיך אפגעשטעלט מאכנ־דיק מיט דער האנט, איז ווילד געלאפן צו מיר. נעבן מיר איז ער א מידער אנידערגעפאלן צו דער ערד, ער האט אפגעאטעמט פון זיין ווילדן געלויף. איך האב גע־העדט זיין שטארקן הארץ־קלאפ, זיינע ווילדע אויגן זיי־נען געלאפן אין אומרו.

זיינע בעגאדים זיינען געווען צעריסן אין צעבראס־טעט, אויפ׳ן רעכטן פוס האט ער געטראגן א פאר־שטויבטן שוך, אויפ׳ן לינקן — א צעריסענעם זאק און

דער גראָבער פינגער האָט אַרויסגעקוקט. זיין שטיק לייב, וואָס האָט זיך אַרויסגעזען, איז געווען פאַרבלוטיקט און פאַרשמוצט, זיין געזיכט איז געווען פאַרשמירט און זיינע צעשויבערטע האָר זיינען געשטאַנען.

אָנשפּאַרנדיק זיין האַנט אין דער ערד האָט ער זיך פּאַמעלאַך אויפגעהויבן און אויף אַ ווילדער שטימע אויף גיך מיך געפרעגט:

פון וואַנען קומט איר, רעב איד?

— פון ערשטן שטעטל.

— וואָס טראָגט איר מיט זיך?

— סימאָנים און איידעס פון חורבן!

— וואָס האָט איר אין קרוג?

— בלוט!

— וואוהין גייט איר, רעב איד?

— איך גיי רופן לעבעדיקע, זאָלן מיר העלפן מעקאַבער זיין די מייסים!

— ביי אייך זיינען כאָטש מייסים געבליבן. ביי אונז איז אַלעס געוואָרן אַש. דער סוינע האָט ביינאַכט אונטערגעצונדן דאָס שטעטל אין אַלע עקן און געעפנט אַ פייער פון געווער, אַזוי אַז פאַר מוירע אַרויסצולויפן פון די הייזער, זיינען זיי לעבעדיקע פאַרברענט געוואָרן, לעבעדיקע פאַרברענט געוואָרן!

## קאַפּיטל י.

דער ווילדער איד האָט זיך שרעקלאַך צעוויינט: גערעוועט ווי אַ לייב און געפּישטשעט ווי אַ קינד. זיין געזיכט האָט זיך געביטן אין אַלע פאַרבן, זיינע אויגן האָבן געברענט, געשטאַכן און האָבן געטרערט. אַ גאַנזלאַנישע רעציכע האָט זיך אין אים אַריינגעכאַפּט, ער

האט מיט זיינע הענט צעריסן און צעפיצלט זיינע צע־פליקטע בעגאדים, ער האט מיט זיינע נעגל אפגעדרא־פעט א שטיק הויט אויף זיין לייב, ער האט מיט זיינע פינגער געצופט זיינע צעשויבערטע האר, און צונויפ־געקרעמפעוועט זיינע צוויי פויסטן און זיך מיט צארן גע־שלאגן אין קאפ. ער איז שטיל געווארן, אנגעבויגן זיין קאפ, זיך טייוועלש אויסגעלאכט, הויך און שפאטיש און זיך טיף און ערנסט פארטראכט!

ער האט א הויב געטאן און געווארפן זיין קאפ, אנ־געשטעלט א פינגער און מיר אזוי באפוילן:

— רעב איד, שטייט, קוקט אוןווארט, ביז פון מיר וועט ווערן אש. זאלט איר צונויפנעמען מיין אש אין א זעקעלע און נעמען מיט זיך פאר אן איידעס פון איינגעבליבענעם אין א שטעטל, וואס האט זיך געשעמט צו בלייבן לעבן!

איך האב געשאקלט מיט מיין קאפ:

— איך וועל אויספירן דיין צוואע!

ער האט אויסגעטאן זיינע קליידער אין ארומגע־לייגט א ראד, ער האט צונויפגענומען שטיקער האלץ וואס האבן נאך האלב געסמאלעט, ער האט גענומען א בלעך און געפאכעט, דער ווינט האט געבלאזן און פון רויך איז ארויס א פלאם.

ער האט אויפגעהויבן זיינע אויגן צום הימל און האט אזוי געקלאגט:

„גאט און רעב איד!

„זייט מיר מוחל, וואס איך פארברען מיין קער־פער!

„איך נעם נעקאמע פון מיין פארשעמטן גוף!

„איך שעם זיך, וואס איך בין לעבן געבליבן!

„מיינע טאטע און מאמע פארברענט און איך לעב!
„מיינע שוועסטער און ברידער פארברענט און איך לעב!
„יונגע און אלטע, פרויען און מענער זיינען צו אש, און איך לעב!

„איך שעם זיך פאר זייער נעכטן!
„איך שעם זיך פאר זייער אש!
„זייט מיר מוחל!"

זיין קערפער האט געברענט ווי א ליכט, די פייער פלאמען האבן אים ארומגענומען פון אלע זייטן, מע האט שוין באלד געזען נאר א פייער געשטאלט, וועלכער קנאקט און שלינגט, די ליפן פון די פייער מיילער האבן זיך געעפנט און פארמאכט, גלייך זיי וואלטן ציען די ווייטערדיקע קלאגן פון זייער קארבן!...

דער פייער געשטאלט איז געפאלן צו דער ערד, צע־טיילט אין פיר שטיקער. יעדער פלאם האט געברענט אויף גיך, שנעל דערפילט זייער שליכעס. נידעריקער און נידעריקער האבן זיך אראפגעלאזט די פייערלאך, ביז ס'איז אינגאנצן געווארן אש.

איך האב אנגעשיט א פול זעקעלע מיט זיין אש, אריינגעלייגט אין מויל פון קריגל און ווייטער געוואנ־דערט!

## קאפיטל יא.

מיין וועג האט מיך דורכגעפירט פעטע ברויט פעל־דער, געדיכטע סאסנע וועלדער, ביז ער האט מיך אראפ־געבראכט צום ברעג פון טייך דניעסטער, וועלכער גרע־ניצט אפ דאס לאנד פון אלטן אמאלייק (רומעניע), פון דעם לאנד אוקראינע.

איך האָב געוואַרט ביז די זון איז פאַרגאַנגען, די נאַכט איז אַרוים פון די שטילע וועלן פון מיזראַך זייט טייך, און פאַרשפּרייט איר שוואַרצן מאַנטל איבער מיין הימל. די לעוואָנע האָט זיך גערוקט און געשמייכלט. נאָר די שטערן האָבן געפינקלט אין גאָלדענע טרערן, וואָס האָט זיך אויסגעוויזן, ווי אַן איידע טוט טפילע פאַר מיין שליכעם!

אַ פישער איז צוגעשוואומען מיט אַ שיפל, ער האָט גענומען ביי מיר אַ מאַטבייע און מיך אַריבערגעשיפט. ער האָט מיך אַפּגעלאָזט נעבן אַ וועלדל און זיך אַליין צוריקגעלאָזט קוים באַרירנדיק מיט זיינע רידער דעם אויבערפלאַך פון דעם וואַסער.

איך האָב זיך אַראָפּגעזעצט נעבן אַ בוים און אָדנ־געהערט אין דער שטילקייט פון דער נאַכט. קיין מענטשן קאָל האָט זיך ניט געהערט. קיין וואָגן־גערודער האָט זיך ניט דערטראָגן, און קיין הונט האָט ניט געבילט. די לופט האָט איידעם געזאָגט, אַז דאָ האָט אַ שטרענגער אַכזאָ־רישער מעלעך אויסגעשפּרייט ברייט זיין האַנט!

. מיך פון וואַנדער, מאַט פון זעאוגגען, שוועך פון דענקען און קלערן, האָט זיך מיין גוף אויסגעשפּרייט אויפ׳ן גראָז, מיין האַרץ האָט אַרויסגעלאָזט עפּעס אַ זיפץ, ניט ווילנדיק פאַרמאַכט די אויגן און איינגעשלאָפן.

## ק אַ פּ י ט ל יב.

אַ שטראַל פון דער זון האָט אויפגעריסן מיינע אויגן. איך האָב זיך גיך אויפגעשטעלט, מיט טוי באַדעק־טע בוים־בלעטער האָב איך געוואַשן מיינע הענט און געווישט מיין געזיכט.

איך האָב גענומען דעם זאַק, דעם קרוג און דעם

שטעקן, בין ארויס פון וועלדל און זיך געלאָזט אין שטעטלשן בייסאַמידראש. האָב איך געטראָפן דעם שאַ־מעס, דריי נעדאָוועס בעטלער, און דעם ראָוו, זיי האָבן זיך דערפרייט מיט מיר, זיי וועלן שוין האָבן אַ מיניען.

— דער מעלעך האָט באַפוילן, אַז אידן זאָלן ניט קומען (אין די שטעטלאַך גאָענט צום ברעג) אין די גאַסן, ניט אין די מאָרגן שאָען און אין די נאַכט שטונדן, דערי־בער איז נישטאָ קיין ציבער.

— נו, און איר?

— מיר שלאָפן אויף די בענק נאַכט אויף נאַכט.

— נו, און וואַסער און ברויט?

— דער ראָוו גייט אויף די טאָג שטונדן ענטפערן „שיילעס", עסט ער אין זיין הויז, די בעטלער און דעם שאַמעס, גיט די איידע. איצט דערציילט אונז, רעב איד, פון וואַנען קומט איר, און וואוהין לאָזט איר זיך. וואָס באַדייט אייער קרוג? וואָס באַדייט אייער זעקעלע? וואָס באַדייט אייער שטעקן, דער גאָרטלדיקער?

— איך קום פון יענער זייט טייך, פון „כורבן באַיס שלישי", איך בין געשיקט פון גאָט צו רופן זיינע קינדער, זיי זאָלן גיין מיט מיר, העלפן מעקאַבער זיין די מייסים, וועלכע וואַלגערן זיך אין די גאַסן!

— עפנט דעם זאַק און קוקט אַריין און אויב איר זיינט אידן, וועט איר בלינד ווערן! נעמט אַראָפּ דאָס זעקעלע, וועט איר הערן פון קריגעלע זידן בלוט, און אויב איר זיינט אידן, וועט איר טויב ווערן! דאָס אַש אין זעקעלע איז פון אַ לעצטן, אַז איידע אידן איז אַרויף מיט פייער און רויך!

די פינף זיינען צוגעוואַקסן געוואָרן צו זייערע ער־טער. זיי האָבן געעפנט דאָס מויל און ניט געקענט רעדן.

זיי האָבן אויסגעגלאָצט זייערע אויגן און ניט געקענט וויינען. הענט און פיס האָבן זיך ניט גערירט אַ לענגערע שאָה!

## קאַפּיטל יג.

דער ערשטער האָט דער ראָוו זיך אָראָפּגעלאָזט, אַראָפּגעשלעפּט זיינע שיך, גענומען אַביסל אַש און אויפגעשיט אויף זיין קאָפּ, זיך ביטער צעוויינט און אַזוי געזאָגט:

— רעב איד, רעב איד!

איר וועט גיין אין גאַס, איר וועט קומען אין הויז, איר וועט באַגעגענען אידן, איר וועט צו זיי רופן, נאָר אייער קאָל וועט ניט געהערט ווערן! דאָ זיינען בלויז געשטאַלטן פון מענטשן, לעבעדיקע שאָטנס. זייער נעשאָמע איז טויט, זייער האַרץ האָט זיך אָפּגעשרעלט, זייער גוף איז פאַר פאַכעד שוין לאַנג געשטאָרבן, נאָר זייער שאָטן בלאָנקעט נאָך אַרום! לאָזט זיך טיפער אין לאַנד, ווייטער פון דער מעכיצע, וואו דער מעלעך איז מילדער, וואו אידן לעבן נאָך און רופט צו זיי!

די בעטלערס מיט'ן שאַמעס האָבן אונטערגעהאַלטן דעם ראָוו זיך שאָקלען, וויינען און קלאָגן, דער ראָוו האָט געריסן קריע פון זיך און האָט צום שאַמעס אַזוי געזאָגט:

— גיי אָן די שיך אַריבער אין מיין הויז און זאָג דער רעביציון, אַז איך וועל זיבן טעג ניט קומען אין מיין הויז. איך זיץ שיווע!

— אין בייסאַמידראַש, ראָוו?

— יאָ, אין גאָט'ס הויז זיץ איך שיווע נאָך גאָט'ס קינדער, נאָך מיינע ברידער און שוועסטער.

— איר פאַרשוועכט גאָט'ס הויז! — זאָגט אַ בעט־לער.

— איר פאַרשוועכט גאָט'ס פאָלק! — זאָגט דער ראָוו.

## קאַפּיטל יד.

אַראָפּגעפירט האָט מיך מיין גאַנג אין אַ אידיש דאָרף. די אידן האָבן זיך באַזעצט פון קאַדמוינים. זייע־רע טאַטעס און זיידעס זיינען געווען פעלד־אַרבעטער און זיי ברענען אויך אויף דער זון. געזונטע אידן, געזונטע קאַרקן, שטאַרקע הענט, ברייטע פיס, רויט־טונקעלע פּע־נימער און שאַרפע אויגן. אָבער זייערע נעשאָמעס זיינען פּראָסט, זייערע מויכעס זיינען שטומפּיק, זייער גערדאַנק איז אַלט; זייער סייכל איז נידעריק. מען דאַווענט פון כידער, און מען פאַרשטייט ניט קיין פּיירעש האַמילעס.

איך בין געקומען אין הויז פון רויש האַקאָעל: אַ קלאָר געזיכט, אַ שוואַרצע באָרד, קלוגע אידישע צוויי אויגן, וואָס האָבן אָנגעזאָגט פון אַ ווייך האַרץ. איך האָב אים אַלעס דערציילט און איבערגעכאַזערט און געבעטן ער זאָל רופן זיין איידע. מיר העלפן מעקאַבער זיין די מייסים אין מיין שטעטל! רעב לייווי האָט זיך אָנגע־שפּאַרט אין זיין רעכטער האַנט, זיינע אויגן האָבן זיך אַביסל צוגעמאַכט. ווען איך בין אַנטשוויגן געוואָרן, האָט ער אַביסל נאָכגעקלערט און צו מיר אַזוי געזאָגט:

— הערט, רעב איך! דאָס פאָלק איז אָרים אין גייסט. זייער גוף איז אויפ'ן פעלד, דער יונגער דאָר וואָלט יאָ געגאַנגען, נאָר איך וועל זיי ניט רופן, ווייל זיי העלפן די פּליטים, וואָס האָבן געראַטעוועט זייער לעבן און זיך צו אונז אַריבערגעגאַנגען. זיי דערהאַלטן

זייער גוף, זיי דערהאַלטן זייער גייסט. און אויב מיר וועלן זיי פאַרלאָזן, וועט קיין זייכער ניט בלייבן פון אייער און אונזער כורבן! זוכט אין אַן אַנדער קהילע הילף, וואו קיין האַרטער מעלעך קעניגט ניט, וואו די מענטשן זיינען העכער, מיט נעשאַמעס גרויסע!

## קאַפּיטל טו.

איך בין אַרויף אין ברייטן אידישן פעלד, האָב אויפגעהויבן מיינע הענט צו גאָט און אַזוי געזאָגט:

— גרויסער גאָט!

זיי מיר מויכל, וואָס איך זינדיק. זיי מיר מויכל, וואָס איך צווייפל אין דיין וואָרט, וואָס איך פאַרליר מיין האָפנונג, וואָס איך פיל ניט אויס דיין באַפעל. פאַרברענטע קענען ניט העלפן. אידן אין קעפ זיינען מייסים. שאָטנס זיינען ניט פייאיק. אָבער געזונטע, געזונטע אידן, ווילן ניט העלפן, — און דאָס איז דיין שולד! שטראָף מיך און לאָז מיך שטאַרבן. גיב איבער אַ שטאַרקערן דיין באַפעל. עפשער וועט אין אַנדערער עמיצן געפינען!...

אין אַ מילך-בלויען צאַר און יויי-אַלקן, האָט זיך גאָט באַוויזן און מיר אַזוי אָראָפּגעזאָגט:

„דיין מויל איז ריין פון זינד! אַלעס איז מיין שולד!

„איך האָב געזינדיקט, זיי דו מיר מויכל! האָב איך דען ניט געשענקט כאָכמע מיינע קינדער? האָבן זיי זייער קלוגשאַפט באַנוצט פאַר פאַלשקייט! פאַל ביי זיך ניט און גיי ווייטער! לאָז דורך די לענדער און שטעל זיך ניט אָפּ!

גיי אַראָפּ צום ברעג פון יאַם, זעץ זיך אויף אַ שיף

און קום אין גאלדענעם לאנד! דארטן זיינען דיינע ברי־
דער פריי! דארטן האב איך זיי נאך ניט געשטראפט!
און אויב זיי וועלן מיט דיר ניט וועלן גיין, זאלסטו צע־
רייסן דיין הארץ, דערשטיקן דיין נעשאמע און שטארבן
איינער אליין! און צו מעקאבער זיין מיינע קינדער,
וועל איך שיקן הינט און כאזיירים, וועלן זיי צעשלעפן
און צעגריזשען די ביינער און אויסזויפן דאס בלוט!...

## קאפיטל טז.

איך האב ארומגעוואנדערט די לענדער, איך האב
געוואגלט פון ארט צו ארט און אלע בילדער פארצייכנט
מיט מיינע בליקן אין קאפ:

אין באזונדערע טיילן פון שטעט האבן זיך אידן
צונויפגעקליבן און פירן א האנדל־וואנדל לעבן. די אנ־
דערע אומעס האבן אונז פיינט, קוקן אויף אונז מיט
שפאט, באליידיקן אונז אויף יעדער געביט און יעדער
טריט, און מיר ווייסן, מיר פילן און מיר שווייגן!

מאכנעס־ווייז וואנדערן־דורך אידן וואגלער, מען
לאכט זיי אויס אויף יעדער ארט און אויף יע־ן אפשטעל.
מען לאזט זיי ניט אריין אין קיי לאנד, מען באהאנדלט
זיי ווי הינט!

ניט־פייאיקע, ערגעץ־אויפ'ן־וועג־פארבליבענע, פון
זייערע פריינט פארלאזענע, האלט מען זיי פארשפארט
ווי מעשוגאאים, ווי ווילדע!

אונזער אייגענע קלאלע, איוסוואורפן, קריכן פון
ערגעץ ארויס און בארויבן זייערע אייגענע ברידער, דאס
איבעריקע, וואס דער סוינע האט פאר ראכמאנעס געלאזן.
דער אייגענער סוינע איז שרעקלאכער, ע״ נעמט צו דאס
לעצטע מיט א שמייכל! מען נארט זיי אויף אלע

וועגן און ברעגן, מען פארקויפט מיידלשע לייבער, וועלכע זיינען אנטלאפן פון סוינע!

איך האב פארשטעלט מיינע אויגן און מער ניט גע־וואלט זען!

איך בין אראפ צום יאם און באצאלט עטלאכע מאט־בייעם פאר מיין פלאץ און ארויף אין דער שיף, וואס פירט אין גאלדענעם לאנד, דעם איינציקן און לעצטן לאנד, וואס קען און מוז מיר געבן הילף!

## קאפיטל יז

דריי גליקלאכע קינדער זיינען געבוירן אין דער שיף אויפ'ן יאם, זיי וועלן ניט זיין אנגעשטעקט פון פרעמדער ערד! גאט'ס יאם — נעשאמעס פון יאם!

איך בין ארויף אויף דער דעק, מען האט געצייגט אויף אונז מיט די פינגער און זיך געסוידעט. מען האט געשטאכן אונזערע הערצער מיט זייערע בליקן!

און גאט איז שוין אויך געווארן אין קאאס, ער האט אנגערייצט דעם יאם. דער יאם האט זיך ווילד אויפגע־הויבן און געפאלן, ער האט אונז איינגעשלינגען און אויס־געשפיגן. ער האט געקריצט זיינע ציין, א שיים איז אים געראנען איבער די ליפן און ער האט געהילכט ווי א לייב!

אלע מענטשן אויף דער שיף זיינען דערציטערט גע־ווארן, זיי זיינען הילפלאז און קראנק געווארן, יעדער האט געקלאפט אין זיין הארץ, געוויינט פאר זיין גאט, זיך מוידע געווען אין אלע אווירעס און געבעטן הילף!

דער יאם האט וויטער ווילד געצארנט און טיי־וועליש געלאכט, אזוי צו זאגן:

צו וועמען בעט איר נישטיקע?! אייער גאט האט מיך געשיקט אייך איינשלונגען! איר זיינט ניט

ווערט, וואס די ערד טראגט אייך ! איר זיינט ניט ווערט. וואס איך, דער יאם, טראג אייך, איר קענט אליין ניט לעבן, און איר לאזט אויך ניט לעבן די באיעס אין וואלד, די אויפעס פון פעלד און גארטן, די פויגל פון רוים און די פיש פון וואסער ! גאט האט מיך געשיקט, איך זאל אייך אנזאגן : עס דערנעענט זיך דער טאג, ווען איך וועל ארויס פון מיינע ברעגן און אייך אפשווענקען פון דער ערד, ווי איך האב שוין אמאל באוויזן : און גאט וועט באשאפן א נייעם מענטשען, א בעסערן מענטשן ! "

## קאפיטל יה.

דער יאם יז אנשטווייגן געווארן. די שיף האט אונז געבראכט צום צווייטן ברעג.

א זיידען האב איך באגעגענט, ציילענדיק שוואך זיינע טריט, פון פארלאזטן בייסאמידראש אין הויז אריין.

— זיידע, איך בין דא א פרעמדער, איך בין געשיקט פון גאט צו רופן מיינע ברידער, מיר העלפן מעקאבער זיין די מייסים אין אונזער אלטן לאנד, קענט איר מיר ניט זאגן, ווען רוען דא די אידן, ווען קען איך צו זיי רופן, ווען קענען זיי מיך הערן !

דער זיידע האט א קרעכץ געטאן און צו מיר אזוי געזאגט :

— רעב איד , ווייסט איר ווי אזוי אונזער לאנד רופט זיך ? דאס גאלדענע לאנד, די לופט איז גאלד, דער טאג איז גאלד און די נאכט איז גאלד. זעט איר ווי זיי לויפן און פליען ? דאס לויפן זיי נאכ'ן גאלד ! זיי האבן ניט קיין גאט, זיי האבן ניט קיין לאנד, זיי האבן ניט

קיין צייט, זיי האָבן ניט קיין לופט, זיי האָבן ניט קיין ווייב, זיי האָבן ניט קיין קינד, זיי האָבן ניט קיין לעבן, זיי האָבן ניט קיין טאָג און זיי האָבן ניט קיין נאַכט — און זיי האָבן ניט קיין גליק און זיי האָבן ניט קיין געלד! זיי זוכן, זיי זוכן און קענען ניט געפינען! אַזוי בליט דאָס לעבן דאָ, יאָר נאָך יאָר, מאַנאַטן און וואָכן, טאָג איין נאַכט אויס! נישטאָ נאָך מאָשיאַך ער זאָל זיי אויפוועקן פון גאָלדענעם אומגליקליכן כאָלעם!

מיין מויל איז שטים געוואָרן!

איך האָב צעשאָטן די ביינער איבער אַלע גאַסן, און באַנעצט מיט בלוט, באַשיט מיט אַש, באַשפּיגען מיט שטיקער פון מיין האַרץ!

איך בין געגאַנגען פון הויז צו הויז און אויסגעקריצט מיט מיין שטעקן און איינגעפאַרבט מיט שטיקער פון מיין נעשאָמע:

העלפט מעקאַבער זיין די מייסים!...

## צום רויטן ברעג

### 1.

אַ טיפער שניי האָט זיך ברייט אָוועקגעלייגט אויף די בעסאַראַבער פעלדער; ווינט און פראָסט האָבן דעם וועג פאַראייזט. צוויי שוואַרצע פערד האָבן שווער גע־אָטעמט פון שטעכיקער קעלט און געצויגן מיט די „פּאָד־קאָוועס" דעם פאַרפרוירענעם וועג. דער גוי האָט איינ־געדרימלט זיין וועלטל אויף'ן געזעם. די צוזאַמענגע־טוליעטע צוועלף פאַרשווינען אין דעם קליינעם פורל זיי־נעע שטיל געזעסן פאַרטראַגן אין זייערע גרויסע וועלטן. האָט ווער אַרויסגעשלעפּט זיין פאַרשלאָפענעם פּוס פון פלאַנטער, האָט זיך צעשטערט די טרויעריקע שטילקייט:

— פּפּפּ, האַ, עס ברענט;
— געפּערלאַך.
— אומצוקומען.
— עס טאָגט שוין.

און ווייטער פאַרטראַכט זיך וועגן זייער נעכטן אין אוקראַינע, אין לאַנד פון קאַמף און בלוט, און וועגן זייער מאָרגן אין רומעניע, אין לאַנד פון פינסטערניש.

---

די ווייסקייטן פון ביידע זייטן וואָגן זײַנען געלאָפן, אוועק. די שאָקלענדיקע הימל־ברעגן האָבן זיך געפאַרבט און געאַנדערשט און זעלטן־וואו זיך באַהאַלטן אונטער מייסים־ביימלאַך און זילבער־ביידלאַך.

אויגן האָבן געגאַרט נאָך אישעוו. דער פויער האָט אָנגעזאָגט די פערד, מיט דער בייטש, אַז ס'איז דער לעצטער באַרג. פון שפּיץ האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר זיי אָנגעוואָרפענע הייזלאַך אין טאָל גראָם פאַרשפּרייט אין שטילן פרימאָרגן.

.2

אַ ב ר אַ ש אַ האָט מיט קאַאַס אַוועקגעוואָרפן זײַן „מאַלקע־מעלעך־טויז“, אַריינגעגאַסן נאָך אַ רויטן גלאָז און געכאַפּט אַ קוק דורכ'ן פיר־שייבלאַך פענסטערל, מיט רויזן איינגעוועבט:

— עס פאַרט פאַרנאָסע, נייע געסט.

די כאַליאַסטרע האָט זיך צונויפגעקוועטשט אין פענסטערל אַריין און געפינקלט רויבעריש:

— אָנגעזעצט, ס'וועט זײַן אַ טרונק. ה ע ר ש און ל י י ב ל שפּאַנט איין די פערד, אַ ל ע ק ס י לאַך אַז די ביקס! — האָט אַבראַשאַ באַפוילן און מיט

א שמייכל אריינגעקיילעכדיקט פינף קוילן אין זיין רע־וואלווער.

— אבראשא, זאלסט ניט שלאגן! — האט בערל ווײנשענקער געדראט מיט׳ן פינגער.

— איך ברײנג זיי גלייך אהער, און איר וועט אויס־מעקלערן פאר די קינדער, די אלטע. פאר די יונגע וועל איך שוין זארגן — האט ער פארפראלט מיט דער טיר.

---

בערל האט פארווארפן דעם טאלעס און אייננגע־קארבט די רצועס, זיך געשאקלט, געשעפטשעט, געקוקט אין סידער און געבליקט צום בארג. נעסי האט אנ־געקלאפט דעם סאמאוואר אין קיך און אריין:

— בערל נו?

— כ׳וויים, — האט ער טיף זיך אייננגעקוקט אין דרויסן — שטעל דערווייל צוויי טעפ, מיר׳ן זען.

נעסי האט געשענקט א קוק, צוגעשאקלט מיט׳ן קאפ און אוועק אנהאקן שפענדלאך.

בערל האט זיך אפגעשטעלט אין מיטן שטוב, גע־האלטן זיך ביים בערדל און געקוקט צום ריבוינע־שעל־אוילעם דורכ׳ן אנגעווייקטן פלעק, פון רעגן, אין קרומען שפאלט אין מיטן סטעליע.

.3

אבראשא האט אפגעווארפן די טיר, זיך אוועקגע־ווארפן אויף א בענקל און פארויכערט אן אויסלענדישן.

די בלייכע פאגראם־געזיכטער האבן זיך שטיל אריינ־געגרוקט, מיטגעשלעפט די זעקלאך און קינדער און זיי־נען געבליבן שטיין אין מיטן שטוב. בערל האט זיי גע־הייסן אוועקלעגן די קלומקעס און זיך צוואווארמען. אלעק־

סי האָט אַריינגעשמייכלט אין לאָך פון ביקס, זי אָוועק־געשטעלט אין ווינקל און פאַרויכערט אַ „מאַכאָרקע“. הערש און לייבל זיינען אַריין מיט פראָסט, געקלאַפּט מיט די הענט צו דערוואַרימען זיך און מיט די אויגן געערדט צו אַבראַשען:

— פיר הערינג, אַ האַלבע מייע ניס, צוועלף פלעצ־לאַך, איין פלאַש ווייסן און צוויי — רויטן — האָט פון זיך אַבראַשאַ געלאָזט הערן.

כויץ ווייז, האָט נעסי אַלץ געליינגט. דערנאָך איז גע־קומען בערל איינגעפּלאַכטן מיט פלעשער און גלעזער אין די פינגער.

די פ י ר האָבן געבליאַבטשעט, געקנאַקט און גע־גאָסן און די צוועלף האָבן שטיל זיך געוואָרגן מיט יעדן ביסן. פון זייערע פּעקלאַך ערגעץ אַרויסגעשלעפּט און מיט וואָס בערל האָט שטיל אונטערגעטראָגן.

מיט'ן אויסגעליידיקטן לעצטן גלאָז האָט אַבראַשאַ אַ שטאַרקן קלאַפּ געטאָן אין טיש, אַ קלינג־ציטערניש באַוועגט, אַ מינוט אַריינגעטראַכט אין דעם, פאַרויכערט, מיט וואונקען, אַלעקסין באַפוילן היטן די טיר און בערלען גערופן מיט זיך אין צווייטן צימער. הערש און לייבל האָבן געזוננגען אַ רומעניש'ס און זיך געשפּילט מיט די קאָרטן.

---

— נו, בערל? — האָט אַבראַשאַ זיך צולייגט אויף דער קאַנאַפּע.

— דער אַלטער מיט דער געפּלאַטשעטשע־ נאָז, מיט דער ווייסער קוטשמע און אָנגעוואָרפן בערדל, איז דאָס דער זיידע פון די דריי קינדערלאַך, און דאָס ווייבל מיטן ווייסן באַשליק, קורצן פּליושן רעקל, מיט די גרויסע ווײַ־

סע פּערלמוטערנע קנעפּ, איז זיין שנור. ער גיט פינף הונדערט. דאָס פּאָר־פּאָלק מיט'ן אינגעלע פּאַרמאָגן אינ־גאַנצן דריי הונדערט ליי. די אידענע מיט דעם מיידעלע בעט, מען זאָל זיי העלפן און די צוויי יונגע פאַרשווינען האָב איך ניט געפרעגט — איז בערל געשטאַנען און געוואַרט אויף זיין באַפעל.

אבראשא האָט אַרויסגעלאָזט אַ וואָלקנדל רויך און זיך פאַרטראַכט, עפּעס נאָך איבערגעפרעגט און באַ־שלאָסן:

— נעמט ביי'ם אַלטן דאָס גאַנצע געלט, דעם פּאָר פּאָלק לאָזט פּופציק, אייך נעמט אַ פינף און צוואַנציק און פירט זיי אַוועק אין קאָלאָניע.

— און די צוויי יונגע?

— שיקט אַריין צו מיר.

5,

טיף פאַרזונקען אין געדאַנקען האָט זיך דער בלאָנ־דער אַוועקגעזעצט לעבן דער טיר און די ברונעטן, מיט אַ סימפּאַטיש שמייכעלע, נענטער צום טיש.

אבראשא האָט אָפּטער געצויגן און געבלאָזן זיין סי־גאַרעט, אַרויסגעשטעקט מער זיין רעוואָלווער, גע קנייטשט מיטן שטערן און שאַרף אין נאָטיץ־ביכל געבליקט:

— אייערע נעמען?

— סאָרע בראַווער, מאָרים מינקין.

— דאָס הייסט — האָט אבראשא אין זייערע אויגן אַריינגעקוקט — כּאַווערטע קאָמיסאַר בראַווער און כּאַווער קאָמאַנדיר מינקין!

— ניין — האָט סאָרע געשמייכלט — דאָס הייסט,

סארע מענדל דעם שויכעט'ס און מוישע זיידל דעם מעקלער'ס.

— גלויבט איר, אז אלע זיינען בא אונז „קנעפ־לאך"? — האט מינקין געפרעגט.

אבראשא האט זיך אויפגעזעצט און זיך גרויס באכער'יש צעשמייכלט:

— איר זיינט זיכער געווען אקטיוו, אייערע פע־נימער זאגן דאס אויס, אייער גרויסער שטערן, מינקין, מיט די קנייטשען דערציילט און אייערע אויגן, בראווער, דעקן אויף דעם סאד.

— דאס מאל האט איר ניט געטראפן — האט מינ־קין צוגעקלעפט ס'פאפיראס פאפיר און געקראכן אי די קעשענעס נאך א שוועבעלע.

— פארשטייט איר דען ניט, אז ווען מיר זאלן זיין רעוואלוציאנערן, וואלטן מיר קיין אמעריקע ניט געפארן — האט סארע געשמייכלט.

— איך בין ניט אזוי נאאיוו ווי איר טראכט. א י ך האב פאר אייך בלויז צוויי פלעצער: צווישן די וועלן אונטערן אייז, אדער ארויסקוקן דורך גראטעס פון א פענסטערל, אין א גראבער וואנט!

— אי ר שפאסט אבראשענקא? — האט סארע אביסל קאקעטיש געשאסן מיט אירע אויגן.

— אבראשענקא, ווער האט אייך דערלויבט אזוי מיך רופן? — איז אבראשא אריין אין קאאס.

— מיכאאיל אבראמאוויטש! — האט זי גע־ענטפערט.

— מיכאיליק? — האט זיך אבראשא צעשמייכלט

— קענט איר אים גוט, וואס מאכט ער?

— מיר האבן צוזאמען באזוכט דעם צווייטן קורס.

האט ער פון זיינע כאוויירים מיר דערציילט און אויך פון אייער טראגעדיע און נעקאמע.

אבראשא האט די אויגן אראפגעלאזט און א טרויער האט זיך צולעגט אויף זיין געזיכט.

מינקין און בראוווער האבן גערעדט מיט די אויגן, באוועגט מיט די אקסלען און געוואַרט אף א ווארט.

— האט איר פריינט דא ? — האט אבראשא זיך אויפגעהויבן מיט באשלוס.

— א פעטער, דער ראוו פון קאלאניע.

— איך וועל זיין באלד צוריק. — און ער איז אוועק.

6.

— נו, כאוועד מינקין, ווי געפעלט אייך אבראשענקא ?

— א שיינער באכער! — האט מינקין געריוכערט און זיך געוויצלט.

— איר האט געזען טרערן ? — האט סארע זיך געקעמט די האר, דרייענדיק זיך אין שפיגל.

— איר זיינט נאך ניט פארליבט אין אים ? — האט מארים געשמייכלט.

— איך בין ברויגעז אף אייך, מיין טייערער כאסן.

— כא־כא־כא, זאגט דעם עמעס, כאווערטע סאניע, האט ניט געקלאפט בא אייך אין הערצעלע, ווען אבראשענקא האט זיך צעלאזט מיט זיין פאעזיע ?

— פו, כאווער מינקין, כ׳האב אייך פיינט, ווען איר ווערט א ב י ר נ ע ר !

— נו, נארישקייטן אין א זייט, כ׳מיין אז אבראשא איז א קלוגער באכער, ער פארשטייט, אז מיר זיינען ניט קיין כאסן קאלע און אז מיר פארן ניט קיין אמעריקע, ער

האָט דערשמעקט, אַז מיר זיינען געקומען מיט אַ ש ל י־
כ ע ס!

---

נעסי האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ און מיט אַ שמייכל געפרעגט:

— יונגערמאַן, טאָכטער, איר ווילט שוין עסן אוואדע? אבראשא האָט אָנגעזאָגט איך זאָל אייך אַלץ געבן.

זיי האָבן געשמייכלט און זיך איבערגעקוקט.

— איך בין טאַקע הונגעריק! — האָט סאָרע זיך דערפרייט.

— אויב אַף אַבראשא'ס כעשבן, טאָ גיט אויך אַ פלעשל וויין — האָט מינקין געבלאָזן די רינגעלאַך רויך.

— רויטן צו וויסן? — האָט נעסי נאַאיוו געפרעגט.

— פרעגט מיין קאַלע, זי איז אַ גרויסער מייוון אַף וויין!

סאָרע האָט זיך הויך צולאַכט.

— רויטן, רויטן!

7.

רעב שלוימע האָט זיך אַריינגעטראַכט אין אַ סייפער, ריווקע האָט זיך געפּאָרעט אין קיך, דינע האָט געשניטן אַ קליידל און מוישעל מיטן קעצל האָבן געדרימלט לעבן דער הרובע.

רעב שלוימע האָט זיך אָנגעכאַפּט באַם בערדל און צוקאַטשעט מיטן ניגן; מוישעלע האָט פּלוצים אָנגעהויבן שפּרינגען אין פענסטער אַריין מיט אַ סימכע:

— מאַמע, אַ פערדעלע, מאַמע, אַ פערדעלע!

רעב שלוימע האָט זיך אַריינגעקוקט אין פענסטער:

— יאָ, אַ רייטער קומט.

דינע האָט אוועקגעוואָרפן דאָס קליידל,ריווקע האָט איבערגעלאָזט די טעפּלאַך און אַלע האָבן געוואַרט פאַר דעם גאַסט, וואָס איז געפלויגן פון בערגל, צובריזגעט דעם שנײ און נעפּלען אויפגעהויבן.

אַבראַשאַ האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן בוים, צוגע־בונדן דאָס פערד, זיך אָפּגעטרייסלט, אָפּגעקלאַפּט דעם שנײ און איז אריין אין קאָרידאָר. אַלע האָבן זיך געוואונ־דערט און דערוואַרט נייעס פון אומגעריכטן גאַסט. אַבראַשאַ האָט דערלאַנגט דעם רעבי׳ן די האַנט, זיך אוועקגעזעצט מיט אַ שמייכל, אַרויסגענומען זיין פּאַרט־סיגאַר, דערלאַנגט רעב שלוימען אַ פּאַפּיראָס און זיך אָנ־געשפּאַרט אין טיש:

— רעבי, האָט איר עפּעס אייגענע אין אוקראַינע?

— אַ ברודער, מענדל, אַ שויכעט — האָט ער אויס־געשטעלט די אויגן.

— ער האָט עפּעס קינדער?

— אַ מיידל, סאָרע׳לע, דאַרף שוין זיין אַ גרויסע.

— כ׳דאַרף אייך עפּעס איבערגעבן אין פיר אויגן...

די רעבעצין מיט דער טאָכטער זיינען אַרויס אין קיך.

— כאַלילע, ניט קיין שלעכטע בסורעס אַבראַשאַ?

— אַ גוטע בסורע רעבי, סאָרע׳לע איז היינט פאַר־טאָג אָנגעקומען אַהער, נאָר עפּעס געפעלט זי מיר ניט מיט איר כאַסן.

— וואו זשע געפינען זיי זיך, פאַרוואָס קומען זיי ניט אַהער?

— כ׳האָב זיי פאַרהאַלטן, איך גלויב, אַז זיי זיינען „באַלשעוויקעס“, כ׳האָב מוירע זיי באַפרייען.

— איך נעם די אכראיעס אויף מיר, אבראשא, האב ניט קיין יעסורים.

— געדענקט, רעבי, איך גיב זיי איבער אין אייער רעשום.

8.

— צוויי פערזאנען האבן אייך באפרייט, מיכאיליק און רעב שלוימע — איז אבראשא אריין מיט שניי.

— אן קאפלימענטן, אבראשא — האט סארע גע־פינקלט מיט די אויגן — איך גלויב ניט, אז אייער גוטער נאטור זאל קאנען מענטשן באהאנדלען שלעכט.

— מ ע נ ט ש ן זיינען דאך דא פארשיידענע. אט די „קאמיסארלאד", וואס שיסן אומשולדיקע, בארויבן און מאטערן, זיינען אויך מענטשן?

— וועמען מיינט איר?

— א י י ך, מינקינ'ען און פיל אנדערע, וואס האבן מיין פעטער געהארגעט און מיין פאטער פארארימט און קראנק געמאכט.

— געוויס זיינען י ע נ ע טיראנען, מיר זיינען ניט שולדיק אין דעם.

— איר מיינט, ווייזט אויס, אז איך ווייס ניט וואס עס קומט פאר אויף יענער זייט דניעסטר? נארט זיך און מיך ניט.

9.

סארע מיט דינען האבן זיך געווארעמט ביי דער הרובע און געשמועסט. רעב שלוימע מיט מינקינ'ען האבן געמאכט א שאך און אונטערגעבאמקעט, און פון צווייטן צימער האט זיך געהערט ריווקעס וויג־ליד.

— וועל איך גיין אט־אהער, וועט ער גיין אט־אהין.

וועל איך שלאָגן דאָס, וועט ער נעמען יענעם, טויג ניט!
— האָט רעב שלוימע געקייט זיין בערדל מיט אַ געמאַרטע ניגון.

— פעטער, גיט אים אַ מאַט, זאָל ער ניט מיינען, אַז ער איז אַ גרויסער קנאַקער.

— יאָ סאָרעלע, איך וואָלט געגעבן, נאָר ער לאָזט זיך ניט! — האָט רעב שלוימע נאָך אַלץ געצויגן דעם ניגון.

— אויב איר ווילט, וועל איך אייך געבן כּאָראַטע— האָט מינקין געבלאָזן זיגעריש.

— מיאַ, נישטאָ שוין וואָס צו שפּילן. — און די מאַמע האָט דיך אָפּגעלאָזט פאָרן קיין אַמעריקע — האָט רעב שלוימע זיך אויסגעדרייט צו סאָרען.

— זי האָט אַפילו ניט געוואָלט, נאָר אַ בדיירע האָט זי געהאַט?

— שוין אַ גרויסע געוואָרן, מען פאָלגט שוין ניט קיין טאַטע־מאַמע?

— איך בין שוין אַז אַלטע מויד, פעטער, עפּשער הונדערט יאָר — האָט זי געשמייכלט.

— מיר דאַכט, ערשט נעכטן ביסטו אַרומגעלאָפן מיט די פאַרפּלאָכטענע צעפּלאָך איבער די כּעדאָרים און זיך געשפּילט.

— כ'בין עפּעס געוועזן אַ קלוג מיידעלע, פעטער?

— איך געדענק דיינע שיילעס פאַרוואָס קוילעט דער טאַטע הינער, צו וואָס דאַרף מען קוילן לעבעדיקע און נאָך אַזעלכע קלוגע פראַגן.

— הערסט, מאָרים?

— דאָס איז דאָך אַמאָל געוועזן — האָט מאָרים געשמייכלט.

— האסט עפעס געלערנט, סארע׳לע ?

— איך בין שוין א שטיקל דאקטאר.

— אזוי, וויפיל דארף נאך געדויערן ?

—כ׳זאל לערנען קעסיידער, צוויי יאר.

— שעמסט זיך שוין מיט דיין טאטן און פעטער ?

— פארוואס, איר זיינט דאך אויך דאקטוירים, אי־בער אויפעס און בעהיימעס און איך וועל זיין איבער מענטשן.

— א ו י ך דאקטוירים ! — האט ער געשמייכלט

— ממ , שוין שפעט, מ׳דארף גיין שלאפן.

10.

— סארע׳לע, וועסט מיר עפשער ניט דערציילן אלץ און איך פאדער דאס פון דיר ניט, נאר איך וויל זאלסט וויסן, אז אבראשא האט אייך אפגעלאזט אויף מיין אכראיעס.

— וואס זשע, מיר זיינען גאנאווים ?

— אבראשא האט מוירע אז איר זיינט געקומען קיין בעסאראביע בונטעווען דאס פאלק.

— זאל ער מוירע האבן, אבער איר, פעטער, מעגט זיין רואיק.

— אז ?

— גארניט.

— גארניט ענטפערט א קינד, און אויב דו שטעלסט זיך איין, שטעלסטו אונז אלע אין סאקאנע.

— איך גיב אייך מיין ווארט, פעטער, אז איך בין ניט געקומען עפעס טאן עמיצן שלעכטס.

— און מארים ?

— אויך ניט.

— גלויב איך דיר — ריווקע, מען קען שוין גיין עסן ?
— האָט ער אריינגעשריען דורכ'ן עס־צימער אין קיך אריין.

דינע האָט געענטפערט, אַז דער טיש איז שוין גע־גרייט. דער ראָסל האָט זיך צושמעקט איבער אַלע ביידאָ־רים און אָנגעזאָגט, אַז די באַלעבאָסטע איז אַ בריע. צו־ליב די געסט האָט דינע פאַרשפּרייט אַן אויסגעוואַשן טישטוך, געשטעלט אַ פלעשל ווייַן מיט גלעזלאַך, אָנגע־שניטן ברויט, צושטעלט טעלערלאַך, גאָפּלען און לעפל, גאָר שטאָטיש. מ'האָט דערפרישט די נייע עס־טיכלאַך, וועלכע מען נעמט ארויס פון קאַסטן לעקאָוועד געסט.

מוישע'ל האָט געהאַלטן אין איין שפּרינגען:
„אַ נייער פעטער, אַ נייע מומע" — און די שטימונג ביים טיש האָט זיך געפילט יאָנטעוודיק!

11.

סאָרע האָט געלייענט און מאָרים האָט גערויכערט, געטראַכט און אַלע מאָל אַרויסגעוואָרפן אַ וואָרט. זי האָט עס אויפגעכאַפּט און אָפּגעענטפערט ביידלאַך. דינע איז אריין פאַרסאָפּעט, מיט פאַרפלאַמטע באַקן, מיט שניי־עלאַך באַזילבערט און געפינקלט פון פרייד:

— סאָרע, מאָרים מיר זיינען אייך געקומען בעטן צו אונזער רעפּעטיציע, אַלע זיינען שוין דאָ, מיר וואַרטן אויף אייך. סאָרע האָט געשמייכלט צו מאָרים'ן און ער האָט זיך צולאַכט.

— צום טייוול, קומט!

---

די שנייעלאַך זיינען געפלויגן, געפלויגן און אַוועק־געפאַלן שטיל, ווייך די באַקן געגלעט, אין די אויגן זיך

געשפּילט, זיך צעגאַנגען און ברויגעזלאַך זיך פאַרוואַנדלט אין טרערלאַך.

פון ערגעץ איז אָנגעפלויגן אַ שליטן. אין דער ווייסער נאַכט האָט מען זיך דערקענט. אַבראַשאַ האָט זיך אָפּגעשטעלט און פאַרגעלעגט זיך דורכשליטלען. מע האָט זיך געקוויינקלט, נאָר סאַרע איז געפאַלן אויף אַן אייזע. פאַרבעטן אַבראַשאַ׳ן אויף דער רעפּעטיציע און דערנאָך זיך שליטלען ביז׳ן ווייסן טאָג אַריין.

.12

אַבראַשאַ האָט אונטערגעטריבן זיין פערדל און באַלד האָבן זיי געלאָזט אונטער זיך נאָסן שוסטער׳ס לעצט שטיבל פון דער קאָלאָניע. אַרויף דאָס בערגל, און די ווייסע נאַכט איז ברייטער געוואָרן אויף די פעלדערוועגן. געטראָגן, געבלויגן, געשפּרונגען אין ווייסן, אין ווייסן אַרום. ווייסע כאַלוימעס געטרוימט האָבן זיי, שטיל האָט דער שניי די באַקן געגלעט, מיט ווייכן, ווי זיידנס.

דער שוואַרצער אָדלער האָט זיך איינגעמיט, גיך געאָטעמט און שטילער אָנגעהויבן לויפן.

— אַבראַשאַ, וואָס שווייגט איר? — האָט סאַרע זיך צונויפגעטוליעט.

— וואָס זאָל איך דערציילן?

— וואָס ניט איז, אַבי איבעררייסן די שטילקייט. צופיל שטיל האָב איך ניט ליב.

— דעם עמעס געזאָגט, ווייס איך ניט, וואָס אייך אינטערעסירט.

— מיך אינטערעסירט אַלץ. דערציילט פון אייער פאַרגאַנגענהייט און וואָס איר שטעלט זיך פאָר אין אייער צוקונפט.

— שיינע פאַרגעניגן־יאָרן האָב איך הינטער זיך

געלאָזט, קיינמאָל ניט געזאָרגט, איבערזאָט, שיינע קליי־דונג און לערנען האָט זיך קיינמאָל ניט געוואָלט.

— ס'טוט אייך באַנג ?

— געוויס.

— ס'איז נאָך ניט שפּעט.

— צייטנווייז פאַרטראַכט איך זיך און עס בענקט זיך נאָך ע פּ ע ס. איך בין צופיל פאַרקראָכן מיט מיין נעקאָמע, צונויפגעשטעלט אַ כאַליאַסטרע פון שי־קורים און רויבער. ווען איך קום אָבער אַהיים, דערזע מיין פאָטער, זיין גרויע באָרד, די קנייטשן אויף זיין פּאָנים, די בלאַסקייט און דערהער זיין הוסטן און שווער אָטעמען, צוגליט זיך אין מיר ווידער אַ פייער און אין דעם מאָמענט וואָלט איך...

— רעגט אייך ניט אויף, אַבראַשענקאַ, איך פאַר־שטיי, נאָר איך גלויב דאָך ניט, אַז מיט דעם בלוט פון די יונגע העלדן וועט איר היילן אייער פאָטער.

— אָבער עס שטילט מיין האַרץ, עס באַרויִקט מיין נעשאָמע.

— עס זיינען דאָ אַנדערע פאַרגעניגנס אין לעבן.

— אָט דאָס אַ נ ד ע ר ע זוך איך, נאָך דעם בענק איך. נאָר עס פעלט עפּעס איך זאָל עס דערלאַנגען.

— איר דאַרפט זיך פאַראינטערעסירן מיט די מענטשן אַרום און זיך פאַרטראַכטן פאַרוואָס זיינען דאָ אָרימע און רייכע, פאַרוואָס זיינען דאָ קראַנקע און גע־זונטע און פאַרוואָס זיינען דאָ פּראָסטע און געלערנטע. קלערט איר קיינמאָל ניט וועגן דעם אַלעמען ?

אַבראַשאַ האָט זיך פאַרטראַכט. עס איז געוואָרן שפּעטלאָך, ער האָט פאַרקירעוועט און זיך געלאָזט אין קאַלאָניע.

13.

אבאראשא האט אראפגעצויגן א שטיוול, האלטנ־דיק אים אין די הענט, זיך איינגעהערט צו די אלטע שלאפן, זיך פארקוקט אפן ברוינעם פאסיקל אף דער וואנט און זיך פארטראכט: סארע, וועגן אזעלכער האט ער געכאלעמט. זי האט באזיגט; דאס ערשטע מאל אין זיין לעבן האט ער אראפגעלאזט די אויגן פאר א מענטשן. אירע פינקלדיקע אויגן, די כיין־גריבעלאך אף די באקן, באפוצנדיק דעם שמייכל, האבן אים, דעם שטאלצן פרינץ פון דער קאלאניע, צונישט געמאכט: „איר דארפט זיך אינטערעסירן...” ווייך, מיט הארץ, פריינדלאך צו אים. דער מערדער פון צענדליקער יונגע לעבנס, צו אים דעם רויבער אף די וועגן. ס'האט נאך קיינער צו אים א זוי ניט גערעדט. ער האט קיינמאל אזא שפראך ניט געהערט. דער פאטער האט זיך אפאר מאל געבייזערט. „גענוג, זאלן זיי קומען אף אנדערע הענט”, נאר ניט דאס האט ער געוואלט. דער ראוו און א פאר באלעבאטים האבן אים מיט דערעד־ערעץ געמוסערט, דערהביי גאט און די טוירע דערמאנט, נאר פאלש האט עס געקלונגען אין זיינע אויערן. זי האט א נ ד ע ר ש גערעדט.

---

ער האט זיך אויסגעטאן, פארדרייט דעם לאמפ, שטיל זיך איבערגעדעקט און איז לאנג געלעגן און גע־קוקט אין דער פינסטערניש. דערזען מיט אמאל בילדער פון זיינע קינדער־יארן, דערנאך פון זעכצן ביז פיר און צוואנציק, און זיך פארטראכט אלץ ווייטער.

פארוואס האט ער ביז איצט ניט געטראכט וועגן דעם? אינגאנצן זיך פארגעסן אדער ניט פארשטאנען?

זי האָט אויפגעוועקט אַלץ ביי אים, זי איז דאָס די ער־שטע פרוי, וואָס האָט אים אָ פּ ג ע ש ט ע ל ט .

.14

ווען אבראשאַ האָט זיך אויפגעכאַפּט איז שוין גע־ווען שפּעט אין טאָג אַריין. זיין מאַמע האָט שוין אַרומ־געראַמט און פּאַרטיק געמאַכט מיטאָג. און דער פאָטער איז שוין אַ שיינע פּאָר שטונדן געקומען פון שול, אױ־בערגעביסן, זיך אַוועקגעזעצט ביים פענסטער, געדרייט זיין גאָלדן קייטל, געראויכערט און געהוסט.

— זיך פאַרשלאָפן, האַ? וויפיל איז דער זייגער, טאַטע? — האָט אבראשאַ אַ ברייטן גענייץ אויסגעצויגן.

— דריי און צוואַנציק מינוט נאָך עלף — האָט דער אַלטער געענטפערט אין פענסטער אַריין.

די מאַמע האָט אין קיך דערפילט, אַז איר בעניאַ־מינל איז שוין אויף, איז זי אַריין מיט אַ שמייכל.

— שיינע חלומות געזען, זונדעלע?

— יאָ, מאַמע, שוין לאַנג ניט געחלומט און עפּ־שער קיינמאָל ניט.

— לייבל איז שוין דאָ צוויי מאָל געווען, דיך גע־וואָלט וועקן, האָב איך ניט געלאָזט.

— גוט האָסטו געטאָן — און אבראשאַ האָט אַף גיך אַרויפגעוואָרפן זיינע וואויל־באַקרישע בעגאַדים, אַרויפגעצויגן די שטיוול און זיך שנעל גענומען אַרומ־וואַשן.

ווען די מאַמע האָט אויסגעשטעלט און אויסגעלייגט די ברויט, פּוטער, קעז, אייער, הערינג און אַ הייסע גלאָז מילך, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגן אבראשאַ'ן און אַריינגעקוקט אים טיף אין די אויגן:

— מיין זון, וואס איז דיר?

אבראשא האט זיך צושמייכלט און איז רויט גע־וואָרן:

— ניין, מאמע, גאָרנישט, האב ניט קיין יעסורים. איך בין געזונט.

— נישט דיין טעווע אזוי שפעט שלאפן. דיין פא־נים האט זיך עפעס געביטן, טראכסט פון עפעס, דער־צייל דער מאמען.

— כ'לעבן גאָרניט. עפעס ניט געקענט איינשלאפן ביז האלבער נאכט, זיך דערמאנט און אט אזוי... זיך פארשלאפן. גאָרניט, מאמע, גאָרניט, גאָרניט. האב ניט קיין יעסורים.

אבראשא האט אפגעגעסן, פארדרויכערט, אנגעפילט זיין זילבערנע טאבאק־פושקע מיט פאפיראסלאד, ארויפ־געוואָרפן זיין באשלוק און איז ארויס.

.15

אבראשא האט שנעל דורכגעלאזן עטלאכע הייזלאך, זיך אפגעשטעלט, באטראכט, באשלאסן און געמאכט גרעסער זיין שפאן. ער האט קיינעם ניט און גאָרניט בא־מערקט אין דער קאלאניע און איז גלייך אריין צו בער־לען אין ווײנשענק.

זיינע דריי מיטהעלפער און בערל זיינען געווען אין א פארלעגנהייט. פארשוינען א פול הויז, רויך, גאנצע וואלקנס, א שטילער געטומל און שמוסעריי.

אבראשא האט זיך באוויזן און טויט איז געוואָרן אין שענקל. ביי בערלען האבן זיך צושפילט די אויגן און ער איז צו:

— אבראשא, מיט כעסעד.

ליבל איז שטיל אונטערגעגאנגען:

— פארוואס הײנט אזוי שפעט?

אבראשא האט נאך אלץ ארומגעקוקט און קײנעם ניט געענטפערט. אלע האבן דערװארט שרעקלאכס פון גרויזאמען אבראשא. ער האט זיך אוועקגעזעצט. ארומגערינגלט ארום זיך הערשלען, ליבלען, אלעקס'ן און בערלען און, ארויסנעמענדיק א פאפיר, דערציילט: ער האט באקומען א באפעל, אפשטעלן די ארבעט.

זיי האבן זיך איבערגעקוקט פארוואונדערט און ניט געוואוסט וואס צו טאן מיט זיך.

אבראשא האט יעדן אײנגערוימט א סאד און שטיל האבן זיי זיך ארויסגערוקט אײנציקווײז. בערלען האט אבראשא געהייסן אפפירן די היימלאזע אין קאלאניע.

---

ס'האט זיך צוטראגן פון הויז צו הויז, מ'האט אומעטום גערעדט און געשמועסט: אין די קרעמלאך, אין מערכעץ, אין שול און ביים ראוו.

16.

דער פראסט האט פארפראָרן די טײכלאך און יונגווארג האבן זיך געגליטשט מיט א געלעכטער. מאריס מיט דינען און אבראשא מיט סארען האבן זיך געארמט ארויסגעגליטשט פון דער קאלאניע מיט פרייליכע הויכע שמועסן. אבראשא האט געהאלטן סארעס הענט:

— סאניע, לאמיר אפרוערטן, איך דארף מיט אייך רעדן.

— א סאד? — האט זי זיך צושמייכלט.

— מיר דאכט, אז איר פארשטייט שוין.

— ס'קען זיין, אבער דאך ניט זיכער.

— איז מאַרים אייער געליבטער?
— צוליב וואָס פרעגט איר?
— סאָניאַ, א י ר דאַרפט ניט שטעלן די פראַגע.
— קען א י ך א י צ ט ניט ענטפערן.
— פאַר מיר איז שווין געגוג, סאָניע, איך בעט אייך איר זאָלט מיך ערנסט אויסהערן: א י ר זיינט דער ער־שטער מענטש, פאַר וועלכן איך האָב זיך געבויגן. פריער מיט אייער פיגור, שמייכל און אויגן און דערנאָך מיט אייער שיינער נעשאָמע, האָ איר מיך צוגעצויגן מיט אַ געהיימער גוואַלדיקער קראַפט, — איך וויל איר זאָלט פאַרגעסן דעם גרויזאַמען אַבראַשאַ'ן און גדיינקען מי־כאַיליק'ס אַבראַשענקאַ. כ'בין גן־עווען אַף אַ פאַלשן וועג. א י ר האָט מיך געבראַכט צו ז י ך, ג ל ו י ב ט מ י ר, ס אָ נ י ע!

אַבראַשאַ האָט אָפּגעאָטעמט און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— איך גלויב. אָבער — — — —

.17

דער שניי איז פאַרשוואַרצט געוואָרן און מיאוס. טיפּע בלאָטעס, און פרילינג־ווינטלאַך האָבן אָנגעהויבן אונטערבלאָזן. מאַרים איז געקומען פון דער גרויסער שטאָט מיט סוידעס און זיי אַריינגעשושקעט אַבראַשאַ'ן און סאָניע'ן. אַבראַשאַ האָט מער אַפּאַר געהיימע וואַרי־מע בליקן געשיינקט דער מאַמען און סאָרע האָט דינען געקושט.

דער יונגער אוילעם האָט עפּעס דערשמעקט.

---

און שפּעטער ביינאַכט האָט מען באַמערקט ווי פון

סערל דער זאקנמאכערנס שטיבל פלעגן זיך א בענדליק באכערים מיט מיידלאך ארויסרוקן מיט פינקלדיקע אויגן. איינער א צווייטן האט אין דער קאלאניע דערציילט, א צווייטער א דריטן האט איבערגעגעבן און מ׳האט אנגעהויבן טייטלען מיט די פינגער, מעז האט אנגעהויבן ווינקען מיט די אויגן אף „זיי“.

.18

א טאג האט דריי רייטערס אראפגעבראכט, פריער צו אבראשא׳ס, דערנאך צו רעב שלוימעס שטוב צוגעפלויגן, איבערגעקערט די שאפעס, קאסטנס און טעפלאך, זיך צעשריגן, געשאלטן און זיינען אוועק.

.19

ווען דער דניעסטער האט אראפגעטראגן די שטיקער אייז און שניי און אפגעשווענקט דעם שמוץ, האבן ביינאכט פיר שאטנס פון וועלדל זיך ארויסגערוקט, אראפגעלאזט צום טייך א שיפל, ארייגעשטופט אין וואסער און שטיל זיך געטראגן צום אוקראינישן ברעג.

---

## צאליק׳ס טויט

.1

אפן סטאליארשן געסל, ניט ווייט פון גרינעם בלאטע־טייכל, צווישן יאנקל עפל־סויבערס הייזקע און אזוראם בערס שניידעריי, איז געשטאנען, ווי ניט אהער, ניט אהין, דאס ליטווישע שולכל.

מ׳שטיינסגעזאגט, איינגאנצן געווען דריי און א האלב „ליטוואקעס“ אין אוקראינישן שטעטל, וואס זאל־

גערט זיך ביים ברעג פון דניעסטער; עלי דער „טשי־קערניק", אווראם־בער דער „סניידער", מאיסקע דער „סאמעס" און נאך א פאר. אי, פארוואס האט מען עס גערופן דאס „ליטווישע שולכל", ווייסט מען ניט:

כוץ וואס די סטאליארעס, אנדערע באלמעלאכעס און א פאר קרעמער פלעגן זיך אריינכאפן אלע אינדער־פרי, איידער דער ריבוינע שעל אוילעם האט זיך אויפגע־כאפט, ער זאל זיי אפאנים ניט כאפן ביי א גרייז, פלעגט פייסאך דער געמארע מעלאמעד האלטן דארטן זיין כיי־דער.

ווען דער אלטער צאליק, א הויכער ברייט־ביינער־דיקער איד, מיט א גראבער נאז, בלויע גלעזער און טונקל־גרויער לאנגער באָרד האט זיך באוויזן אף דער דער שוועל פון שולכל, אין א פרייטיק בייטאג, מיט א גראבן שטעקן און א זעקל אף די פלייצעס, האט כעוורע אים באגעגנט מיט א קרומער נאז און ארויסגעשאסן א געלעכטער אין מיטן שיר־אשירים זינגען. דער רעבי האט זיי איינגעשטילט מיטן קאנטשיק און געגאנגען אנטקעגן דעם פרעמדן אידן אפשטעקן א שאלעם אלייכעם:

אף קיין פאספארט האט מען אים ניט געפרעגט. ער האט געזאגט, אז מען רופט אים צאליק, זאל זיין צאליק. און אט דער צאליק איז זיך געווארן א גאנצער טוישעוו אין שולכל. ער פלעגט דארטן עסן, ציילן זיינע גראשנס, וואס ער האט צונויפגעבעטלט דורכן טאג, אריינקוקן אין א סייפער און כראפען אפן אויוון.

קיינער האט זיין לעבנס־געשיכטע ניט געוואוסט, ווייל ס'האט פאשעט קיינעם ניט אינטערעסירט. ער אליין, צאליק, איז געווען א איד א שווייגער; פלעגט ער אמאל אין זיין טראכטן עפעס זיך דערמאנען, האט

ער עס אריינגעניגונט אין די גראבע קנייטשן פון זיין גרויסן שטערן.

איין מאל, אין א ווינטער־נאכט, דער אוילעם איז זיך שוין צוקראכן פון מינכע און מאריוו. דער רעבי איז ניט געווען, ער האט זיך ערגעץ פארגעסן אף א מיצווע־סודע. כעוורע האבן זיך געווארפן מיט האנטוכער און געשלאגן מיט סטענדערס, האט „שימעלע גוי", אווראם־בער דעם שניידער׳ס פערצן־יעריקער באכערל, דערזען ווי צאליק זיצט אין א ווינקל און שטעכט אריין און ארויס מיט דער נאדל אין זיין אלטן בעגעד, פונקט ווי זיין טאטע. האט ער איבערגעלאזט די כעוורע זיך האר־געניען און זיך צוגעגאנוועט צו צאליק׳ן; א פאר מינוטן איז ער געשטאנען פון דערווייטנס און זיך אייגעקוקט ווי צאליק׳ס פינגער לויפן שנעל, פלינקער ווי יאסל׳ס, דעם „פארשטאפטן קאפ", וואס לערנט זיך שוין דריי יאר ביי זיין טאטן און קען נאך קיין פאסטריגעס ניט ארויס־שלעפן. נאך מער, צאליק האט ניט געקוקט מיט די אויגן וואו ער נייט, נאר געטאפט מיט די הענט. איז שימעלע צוגעגאנגען נאענט און שטיל געזאגט:

— רעב צאליק, איך וויל אייך עפעס פרעגן.

האט זיך ערשט צאליק אומגעקוקט, פריער פארדעכ־טיקט, אז שימעלע גייט אים אפטאן א ניי שפיצל, דער־נאך ווי באשלאסן אים צוגערופן:

— קום אהער, שימעלע, פרעג.

— מיין טאטע איז א שניידער, — האט ער שטיל דערציילט, — ער וואוינט דיי די צווייטע שטוב, אווראם בער הייסט ער. איר זיינט אויך געווען אמאל א שניי־דער?

צאליק האט זיך פארכידעשט, געגעבן א קנייטש

מיטן שטערן, עפעס האט זיך אין אים דערוועקט און ער האט א זיפץ ארויסגעלאזט.

— יא, שימעלע, איך בין אויך געווען אמאל א שניידער. געהאט א שטוב, א ווייב און א טאכטער.

שימעלע'ס מויכל האט עס נאך ניט פארשטאנען.

— וואו זשע זיינען זיי איצט? פארוואס האט איר זיי איבערגעלאזט און צוליב וואס טראגט איר בלויע ברילן?

צאליק האט זיך אביסל צושמייכלט:

— הע, שימעלע, שימעלע, וועסט אלעס וויסן. וועסטו גיך אלט ווערן.

שימעלע האט זיך פארטראכט א ביסל.

— זאגט מיר, רעב צאליק, טראגן אלע שניידער בלויע ברילן, ווען זיי ווער אלט? ועט מיין טאטע אויך טראגן בלויע ברילן?

— ווער ווייסט? —האט צאליק וויטער געגנייט— עפשער וועט דיין טאטע אויך טראגן בלויע ברילן. מיינע אויגן האבן אין די יונגע יארן אויסגערונען אין די שפעטע נעכט, ווען איך האב ביי א ליכטל דעם פארים אין לעבל פון נאדל געדארפט אריינציען און די גויאישע פעלצן נייען.

— איר האט אויך גענייט פעלצן? — האט זיך שימעלע דערפרייט — פאר וואס זשע נייט איר איצט נים?

— יא, שימעלע, דו ביסט א קלוג באכערל. איך בין אבער נים שולדיק; מיין טאכטער איז וואוהין־ווייט אנטלאפן, מיין ווייב איז געשטארבן, דער פאריץ האט מיך ארויסגעווארפן פון שטוב און אראפגעבראכט א יונגן שניידער אין דארף אריין. האב איך גענומען מיין שטעקן

מיטן זעקל און אוועק, פון שטאט צו שטאט ביז איך גע־געגאנגען און קיין ארבעט ניט געפונען. איינמאל בין איך געגאנגען אף א גאס, אין שטאט, אין מיטן העלן טאג איז פאר מיר פלוצלונג פינסטער געווארן, האבן אידן אף מיר ראכמאנעס געקראגן, מיך אפגעפירט צו א דאקטאר און ער האט מיר אנגעטאן די בלויע ברילן.

.2

עטלאכע אנגעפולווערטע יארן האבן זיך צעקנאלט דורכן שטעטל. דער אלטער צאליק פלעגט ליגן גאנצע נעכט און ניט קענען איינשלאפן. ער האט ניט געקענט באגרייפן, וואס קומט עפעס פאר אין שטעטל: גאנצע נעכט פלעגט דונערן, די פענסטער פלעגן אזש ציטערן. אט פלעגט זיך ערגעץ־וואו צושיטן א בארג מיט קוילן, פלעגט זיך אים דאכטן, אז דאס גאנצע שטעטל פאלט איין, דאס שולכל צוליגט זיך, דער אויוון זינקט און ווערט צושאטן. אינדערפרי פלעגט ער זיך איינהערן ביים דאוונען, אין מארק און קיין טאלק ניט געקענט דערגיין ווער עס זיינען „אונזערע“, „זייערע“. איין נאכט האט ער געציטערט אין שרעק, געהאלטן זיין נעשאמע אין די פלאטערדיקע הענט און געשלונגען זיין אטעם. ער האט ניט געקענט באנעמען: מאדנע ווילדע גוואלדן און קווי־טשערייען פון אידישע טעכטער האבן זיך דערטראגן צו זיינע אויערן. א כריפנדיקער „שעמא איסראאייל“ האט זיך ארויפגעלאזט ביי דער טיר, אים האט זיך געדאכט, אז ס׳איז פייסאך מעלאמעד׳ס קאל. ער האט זיך געשראקן פאר די געדיכטע פינסטערנישן, וואס האבן אריינגעקוקט דורך די פענסטער. א פארכאלעשטער האט ער זיך גע־צויגן אין קאלטן שוויים.

אינדערפרי האט ער זיך אויפגעכאפט ווי פון א

ווילדן כאַלעם. כאַטש עס איז שוין געווען שפּעט אין טאָג אַריין, איז נאָך די שול געווען פּוסט. ער איז אַראָפּ־געקראָכן פון אויבן און זיך געגאַנוועט פאַר דער ניט־זעענדיקער שרעק צום פענסטער צו; די גאַס איז גע־לעגן אַ טויטע. ביי דער טיר האָט זיך אווראָם בער גע־וואַלגערט אין אַ טייכל בלוט, שווערע אָטעמס געצויגן און קוים באַוועגט מיט די הענט. אַפן טראָטואַר האָבן שפּאַצירט עטלאַכע הינט, פויל געגעניצט און זיך באַ־לעקט. צאַליק האָט שטיל געעפנט די טיר, אַריינגעשלעפּט אווראָם־בער'ן, צוריק פאַרשלאָסן די טיר און זיך גע־נומען פּאָרען און מינטערן דעם האַלבן באַר־מינאַן.

3.

אין אַ שיינעם טאָג זיינען אַריין אין שולכל צוויי יונגע לייט און אַ מיידל. האָט זיך צאַליק פאַר זיי דער־שראָקן, באַזונדערס פאַר'ן רויטן צעלעם אַפן מיידל'ס צווישן ברוסטן, וואָס האָט געשניטן זיינע קימאַט בלינדע אויגן; ווען ער האָט אָבער דערהערט, אַז זיי רעדן מאַמע־לאַשן, האָט ער זיך באַרואיקט:

— איז אייער נאָמען צאַליק? — האָט אים איינער געפרעגט.

— יאָ, — האָט ער געענטפערט מיט פאַרוואונ ע־רונג.

— דער קאָמענדאַנט, באַוועד סעמיאָנאָוו, האָט באַ־פוילן מ'זאָל אייך איבערפירן אין דער הויז פאַר אַלטע פּראָלעטאַריער. און די בעוורע האָט פאַרנומען צאַליק'ן מיט זיין זעקל און שטעקן און אוועק.

די ערשטע פּאָר טעג האָבן צאַליק'ס געדאַנקען אַרומגעטאַנצט ווי אַף הייסע קוילן. ער האָט ניט געקענט

באשטימען צו איז דאס א כאלעם אדער ער געפינט זיך ערגעץ אף אן אנדער וועלט? די אלע צערעמאניעס: וואשן זיך און באדן, דער נייער ברייטער כאלאט מיט די קלארע אונטערוועש, עסן ביי א טיש מיט מעסער, גאפל און לעפל, מיידלאך טראגן צו פון אלדאס גוטס — האבן אים געשווינדלט אין די האלב בלינדע אויגן אדן צעמישט זיין אלטן מויעד.

ערשט אף דער צווייטער וואך, ווען זיינע ביינער זיינען שוין מיד געווארן פון רו אף דעם ריינעם בעטל, איז ער געלעגן און געטראכט, זיך צו דערמאנען וואס ס'איז מיט אים פארגעקומען און וואס פעלט אים: איז געקומען צעפליען דאס ליטווישע שולכל, אף פליגל פון זיינע אויסגעוועבטע געדאנקען און זיך אוועקגעשטעלט פאר אים, דעם אייוון באוויזן, דעם אויסגעריבענעם שטענדער, פייסאך דעם מעלאמעד מיט זיינע טאלמי־דים, אווראם־בער, די ספארים און זיין זעקעלע געלט... האט פלוצים א געדאנק אים דערלאנגט אין קאפ אריין. עס האט צאליק'ן אראפגעווארפן פון געלעגער. ער האט געזוכט אונטערן בעט, אין אלע ווינקעלאך, נאר זיין זעקל איז ניט געווען. האט ער פאמעלאך געעפנט די טיר פון זיין צימערל און זיך געלאזט זוכן ביי פרעמדע. אלע זיי־נען געשלאפן רואיקע. צאליק האט זיך אומגעקערט צו זיין געלעגער א מידער, א פארהארעוועטער און א שטיק נאכט זיך געדרייט אף זיין בעטל, צו זיך גערעדט און געפרעגט ביי די פאסן אף די ווענט, צי זיי ווייסן ניט וואו זיין זעקעלע מיט די גראשנס איז.

אין דערפרי האט ער זיך אויפגעכאפט שפעטער פון אלע. ארום זיין בעט זיינען עטלאכע פון זיינע שכיינים געשטאנען, וואס האבן געדיינקט, אז צאליק איז שוין

טויט און אים מעקאנע געוועןְ: „זיך געלייגט און ניט אויפגעשטאנען“. צאליק האט זיי אנגעקוקט פארכידעשט. זיך געריבן די אויגן און געוואלט עפעס צונויפבינדן די געדאנקען, וואס האבן זיך געפלאנטערט אין זיין קאפ. דער אויפזעער איז צו מיט א שמייכל צו צאליק׳ן, אים געפרעגט צו ער האט געזן שיינע כאלוימעס די נאכט, וואס ער האט אזוי פארשלאפן. האט זיך צאליק פאר־קרימט און דערנאך געענטפערט מיט א שמייכל.

שפעטער אין טאג אריין האט ער ביי זיך באשלאסן און איז צו צום אויפזעער אים פרעגן פאר׳ן זעקל. דער אויפזעער איז באלד אוועק מיט די שליסל אין די הענט און אריינגעבראכט א קלומעק מיטן אויפשריפט „צא־ליק“. צאליק׳ן האט זיך אזש באוויזן טרערן אין די אויגן פאר פרייד. ער האט זיך באהאלטן אין זיין צימערל. צובונדן דאס זעקל, ארויסגעשיט די גראשנס און גענומען ציילן.

.4

איין אינדערפרי האט זיך צאליק ארויסגעכאפט פון פראלעטארישן מוישעוו זעקיינים און זיך געלאזט איבער די גאסן פון שטעטל בעטן נעדאוועס. א פאר קרעמער האבן אים געגעבן עפעס און זיך ניט אומגעקוקט; נאר באלד איז ער געשטרויכלט געווארן: א באכער מיט א שטערנדל האט אים אפגעשטעלט, געפרעגט זיין נאמען און וואוהין ער גייט. צאליק האט אים דערציילט דעם עמעס. האט יענער צוגערופן א פאעטאן און אים אפ־געפירט אין זעלבן הויז.

זיינע אלטע שכיינים האבן אים באגעגנט מיט א געלעכטער: „א כאזיר זוכט א בלאטע“. דער אויפזעער

האט אים אביסל געמוסערט און געפרעגט וואס עס פעלט אים. צאליק האט געשוויגן און פאר קאאס זיך באהאלטן אין זיין ביידערל.

א טאג. די טיר האט זיך ברייט צעעפנט און ס'איז אריין א הויכער באכער מיט א סיראטן רעקל, ברייטע הויזן, וואס האבן זיך אריינגעשטעקט אין גלאנצנדיקע שטיוול. מ'האט צונויפגערופן אלע אלטע לייט, זיי אוועקגעזעצט און ער האט געהאלטן פאר זיי א רעדע: „איצט, ווען דער ארבעטער־קלאס האט גענומען די מאכט אין זיינע הענט, וועלן זיי ניט דארפן בעטן, די רעגירונג וועט זיי פארזארגן מיט אלץ". ווען ער האט געענדיקט, איז ער צו צו צאליק'ן און אים דערלאנגט די האנט:

— נו, ווי פילט איר זיך? איר האט דאך בעעמעס פארדינט, אז מען זאל אייך אויסהאלטן. אייערע אויגן האבן אויסגערונען ביי די פעלצן אין די שפעטע נעכט, ווען איר האט די פאדים אין נאדל געדארפט אריינצילן.

צאליק האט צעעפנט זיינע אויגן און ניט פארשטאנען:

— זייט מויכל, פון וואנען ווייסט איר דאס אלץ?

— איר געדיינקט ניט? — האט סעמיאנאוו געשמייכלט — צוריק ערשט מיט א צען יאר, אין א ווינטער־נאכט, האט איר אליין דערציילט צו שימעלע אווראם־בער'ס אייער לעבנס־געשיכטע. איצט שטייט פאר אייך דער אייגענער שימעלע נאר אביסל שוין אונטערגעוואקסן.

א גאנצע וועלט מיט פרייד האט זיך ארויפגעקייקלט צו צאליק'ן אין מויער אריין און ברייט צעשמייכלט זיינע ליפן:

— איז דאס שימעלע, שימעלע?

— יא, רעב צאליק, דאס איז שימעלע. און אויב עס פעלט אייך דא עפעס, זאגט מיר און איר וועט אלץ קריגן.

צאליק האט זיך פארטראכט, געקנייטשט זיין צואקערטן שטערן און באשלאסן: — אויב שימעלע וויל — האט ער מיט קאוועד גערעדט — בעט ער אים אין זיין צימערל א סאד אנצוטרויען.

אלע האבן זיך אונטערגעהערט, דורך א שפאלט געזען, ווי צאליק לאזט א טרער, און סעמיאנאוו לאכט און בייזערן זיך פאטערלאך: „דאס טאר מען ניט!“

.5

יענע נאכט איז צאליק געלעגן ווי אן אונטערגעשאסענער. שימעלע'ס ווערטער האבן אים געזשומעט אין די אויערן: „מען טאר ניט בעטן קיין נעראוועס!“ „אט דא וועט ער לעבן ביז הונדערט און צוואנציק יאר“. ער האט געביסן זיינע גראבע שטיקער ליפן און געוויישט דעם שווייס, וואס האט ארויסגעפליסט אף זיין צואקערטן פאנים. פלוצים איז אים א ווילדער געדאנק ארייננעפלויגן אין מויעד, ער האט זיך אנגעכאפט ביים גארגל און זיך אראפגעשליידערט פון בעטל. ער איז צופאמעלאך צו דער טיר, זיך איינגעהערט: שטיל האט ער פארקייטלט די טיר, ארויסגעשלעפט דאס זעקעלע גראשנס און זיך מיט זיי אפן בעטל געוואלגערט...

ווען דער אויפזעער האט אויפגעריסן די טיר, האט ער געפונען צאליק'ס קאפ אראפהענגען פון בעטל; דאס מויל, א צעבלוטיקס, איז געווען ברייט צעעפנט און פון גארגל האט זיך נאך געהערט אז אפשטארבנדיקער פייף. עטלאכע קופערנע מאטבייעס האבן זיך טיף אין האלז ארייננעקארבט און זיינע געבליבן שטיין אין מיטן וועג...

# פון קעלער-שטוב

.1

אין סאשע׳ס צימער האט זיך געלעכטערט. א פאר קורסיסטקעס האבן געזונגען און א פאר סטודענטלאך האבן אונטערגעצימבלט. סאשע האט מיט די ליפן מיטגעלאכט, אבער די אויערן האבן זיך צוגעהערט צו דער שטילער טרויעריקער מעלאדיע, וואס האט זיך געטראגן פון קיך.

א קלאפ אין טיר האט אים אויפגעוועקט: מירקע האט געבראכט טיי און זיסקייטן פאר דער יונגוואַרג. גרישא, א סטודענט מיט א געשטופלט פאנים, האט עפעס איינגערוימט סאשע׳ן אין אויער. סאשע איז רויט גע־ווארן און אים אפגעשטופט מיט א: „פארליעץ!"

.2

מירקע האט אירע טעג און נעכט פארבראכט אין קיך. געארבעט, געגעסן און געשלאפן דארט. געטראגן האט זי אלטע קליידער וואס די באלעבאסטע האט איר געגעבן, דאך, ווען זי פלעגט זיך ארומוואשן, פארפלעכטן אירע שווארצע צעפ, און אנטאן אף זיך דעם ווייסן פאר־טוך, האט זי געשיינט. די שווארצע אויגן האבן געבליקט שעמעוודיק, נאאיוו, און די ראזע-בעקלאך האבן געמאכט גריבלאך ביי יעדן שמייכל.

הארץ האט שטארקער געקלאפט, ברוסטן האבן זיך געהויבן, ווען מענערשע בליקן האבן זי פארפאלגט.

.3

אוונט. מירקע איז אליין אין הויז. שטיל עפנט זיך די טיר. שטילע טריט בארירן טעפיך און בלייבן שטיין ביים שוועל פון קיך:

— מירקע, מעג מען צו אייך ריידן? — האט סאשע געפרעגט.

— וואָס דאַרפט איר? — האָט מירקע קוים די ווער־טער אַרויסגעבראַכט.

— קומט אַריין אין הויז, דאָרט איז ליכטיקער — האָט סאַשע אויסגעשטרעקט זיין האַנט, אַריינגעפירט מיר־קע'ן, און האָבן זיך ביידע אָוועקגעזעצט. ער האָט גע־קוקט אין אירע אויגן און דערציילט פון זיינע סטודענ־טישע דערפאַרונגען אין דער גרויסער שטאָט. מירקע האָט געשלונגען זיינע ווערטער, ברייטער געעפנט די אויגן און געשטוינט: סאַשע, דער שיינער, יונגער סטודענט, דעם גוויר'ס זון, זאָל ריידן צו איר אַזוי אינטים! ...

.4

אַ נאַכט. הער לעניש און די מאַדאַם שלאָפן גע־שמאַק. אין אַלע בעדאַרים אין פינצטער. סאַשע ליגט אויף זיין בעטל מיט אָפענע אויגן, קוקט אין געדיכטער פינצ־טערניש — זעט ער מירקע'ן, אירע שוואַרצע אויגן, איר שיינע פיגור, גלוסט ער, צים ער זיך און דרייט זיך, ברענט זיין לייב.

ליגט מירקע אין קיך אַפ'ן אויוון, טוליעט זיך אין שמאַטעס און ווידערהאַלט שטיל — ווי טפילעס — סאַ־שע'ס נייע ווערטער: גלייהייט ... ברידערלאַכקייט ... געזעלשאַפט ... רעוואָלוציע ... פינקלען פאַר איר סאַ־שע'ס נייע ווערטער: גלייכהייט ... ברידערלאַכקייט ... קערפער, און איר לייב פייערט, פייערט ...

---

טרייבט די לוסט סאַשע'ן פון בעטל אַרוים. הערט ער זיך איין אין דער שטילקייט: טאַטע־מאַמע שלאָפן. שטיל. ציילט ער אַפ די טריט אין קיך אַריין, גייט צו צום אויוון און מורמלט:

— מירקע, שלאָפסט?

שווידערט מירקע אויף:

— סאשע, וואס ווילט איר?

רוימט ער איר אין אויער:

— קען ניט שלאפן, קען ניט...

שעפטשעט מירקע:

— סאשע, כ'האב מאירע. כ'האב מאירע.

5.

די ווענט האבן שוין לאנג דערציילט מאדאם לעניש דעם סאד, נאר די מאמע האט עס ניט געוואלט גלויבן אף איר זון, און אף דער שטילער מירקע'ן.

הער לעניש האט סאשע'ן אפגעשיקט קיין כארקאוו לערנען און מירקע'ן האט מען ארויסגעווארפן... אין שטעטל האט מען אביסל געמורמלט און באלד פארגעסן...

אין קעלער־שטיבל, אפ'ן אויוון, האט מאישע יאסעל זיינע לעצטע קרעכצן אויסגעכארכלט — — —

שפעט נאכט. דוואשע האלט איר ערשט געבוירן איי־ניקל, סאשע, קוקט מיט אויסגעוויינטע אויגן אף מירקע'ן און מורמלט צו זיך אליין:

— דיר איז שוין בעסער, מאישע יאסל...

6.

זינגט דאס פאלק: „די זון גייט אויף אין פלאמען..."

סאשע פארלאזט דעם אוניווערזיטעט און שטעלט זיך אין די רייען פון די פרייהייטס־קעמפער... האט מען אים מיט אייזערנע קייטן באצירט... אין די קאלטע לענ־דער האט זיך זיין יונגער קאפ געזילבערט. געטראכט האט ער: — ער מוז לײדן, אייביק לײדן, ווייל ערגעץ דארטן לײדט מירקע און עפשער נאך ווער...

פאטער און מוטער האבן זיך געלאזט אין פעטער־

בורג מיט פּראָטעקציעס צו מיוכאָסים און מיניסטאָרן, אָבער אומזיסט זייער מי: זייער זון איז אַ שרעקלאַכער פאַרברעכער, ער האָט געוואָלט דאָס פאָלק באַפרייען...

---

אין מאַרק אין פאַרוואָרפענעם שטעטל שטייט מירקע אין פאַרקויפט געבעקס. סאַשקע, איר זון, דער באַרוויסער שטיוול־פּוצער, פייפט זיך אונטער זאַרגלאָז, פידלט מיט די בערשטלאַך, שפּייט, לעקט און ווישט מיט די שמאַטעס און פייפט... פייפט...

.7

סאַשקע איז אויסגעוואַקסן, זיך אַרויסגעצויגן פון זיינע צעפּליקטע הייזלאַך און שמוציק צעכראַסטעט העמד. אַ כוץ שיך פּוצן, פלעגט ער נאָך אַנדערע פאַרנאָסעס האָבן: אַמאָל אַרויסהעלפן אַ שטיקל אַרבעט פאַר די „קאַרטאָפליע־גאַנאָווים“; צוקלעפּן אַפישן (פלאַקאַטן) פון טעאַטער; ווינטער פלעגט ער העלפן דעם אַלטן אין באָד, און זומער: וואַסקאַ'ן, ביים ברעג פון דניעסטער, ווען ער פלעגט די שיפלאַך דער יונגוואַרג פאַר אַ שפּאַציר אָפּגעבן.

סאַשקע'ס פריינט פלעגן זיך כידעשן פון זיין מאַמען, וואָס פלעגט אים אָפּזוכן אַ פּאָר מאָל אין וואָך, אים איבערלאָזן עטלאַכע זעמל, און לאָזן אַ טרער אין שוואַרצן שאַלעכל:

— סאַשעניו, עס !...

סאַשקע פלעגט שלינגען די זעמל, אונטערטאַנצן. פייפן, לאַכן מיט דער בעוודע און זיך צעזינגען.

פלעגט אים מירקע בעטן:

— מיין קינד, זאָלסט ניט גאַנווענען...

האָט סאַשקע אַראָפּגעלאָזט די אויגן:

— גיי, גיי אהיים. כ'וועל קומען שלאפן!...

און ווען זיין בארוויסע בעוורע איז זיך צעקראכן אין זייערע היים־לעבער, און וואסקא האט שוין אויך גע־כראפעט, פלעגט זיך סאשקע אפ'ן שענסטן שיפל פון טייך אוועקלאזן און אויספייפן זיינע בענקשאפטן, זיי־נע ספייקעס:

— ווער בין איך? ווער איז מיין פאטער? וואו איז מיין פאטער?

8.

רעוואלוציע.

האט סאשקע מיט דער מאמען זיך געזעגנט:

— וויין נים, מאמע. כ'וועל קומען צוריק!...

אוועק איז ער מיט די פרייוויליקע אין דער רויטער ארמיי.

ער איז אריין אין קאזארמע מיט פרייד, מיט גע־טאנץ, מיט זיין פייעפעריי: א נייע וועלט. א בע"ל. א א ביקס. כאוויירים. זארגלאז סאלדאטיש לעבן. אילוזיאן. טעאטער. קאנצערטן. מיטינגען. קלוב. לעקציעס.

כאוויירים פלעגן אים ארומרינגלען און ער פלעגט טאנצן, זינגען מיט פלאם...

דער שטילער בילדונגס־קאמיסאר פון פאלק, כאווער סערגעיעוו, האט ווי א געטרייער וועכטער נאכגעשפירט די פירונגען פון די רויטע ארמייער: אכטונג געגעבן, אז קאמאדירן זאלן זיי כאווריש באהאנדלען, מען זאל ניט באנוצן קיין שמוציקע ווערטער, מ'זאל זיך אינטע־רעסירן מיטן קלוב: געלערנט, געלייענט און דערציילט אלע פאר זיינע טאלמידים. ער האט געווארפן אן אויג אף סאשקע'ן. פלעגט ער אים מער צייט צוטיילן. אים גע־לערנט, אנטוויקלט און מיט קינסטלער באקאנט.

ווען סאשקע האט דאס ערשטע מאל געזונגען אף דער בינע, האט דאס פאלק געדונערט, געהילכט מיט אפלאדיסמענטן. קינסטלער האבן אים מיט ליבע גע־דריקט די האנט — נייער טאלאנט!

.9

דאס פאלק האט מיט אויסגעשפרייטע הענט בא־געגנט אירע אלטע קעמפער, אין די קאלטע לענדער פאר־שיקטע, איבער יאמען און מעדינעס פארטריבענע, און צווישן זיי איז אויך געקומען סאשא. מיט צארן און שוים האבן זיי דערציילט וואס זיי האבן געליטן — און מיט פרייד־טרערן האבן זיי זיך געטראגן צום באפרייטן פאלק.

---

א פארזאמלונג.

דער פארהאנג האט זיך צעעפנט און כאווער סערגע־יעוו, דער שטענדיק רואיקער, מיט א שמייכל אף די ליפן, האט פארגעשטעלט דעם רעדנער: כאוועס סאשע, דער־ציילט ווי העלדיש ער האט געקעמפט פאר דער פרייהייט.

א הויכער פערציק־יאריקער, מיט א זילבערנעם קאפ, מיט טיפע שווארצע אויגן, האט זיך אויפגעשטעלט. און איידער ער האט נאך א ווארט פון זיין מויל ארויס־גערעדט, האט דאס פאלק דערזען, דערפילט זייער פי־רער.

ביי סאשקע'ן האט אין הארצן א שטארקער קלאפ געטאן. נען די רעדעס האבן זיך געענדיקט, האט כאווער סערגעיעוו סאשקע'ן פאר סאשע'ן פארגעשטעלט. האבן זייערע אויגן זיך נענטער באגעגנט, זייערע הענט האבן זיך ווארעם געשלאסן און זייערע הערצער האבן דעם סוד דערפילט...

10.

א פינסטערע באַנדע רויבער, אַנגערייצט פון דער־צאָרנטע קויאַנים פון געלט־געטער, האָט איר לעצטן ווילדן נאַכט־טאַנץ געשפּילט איבער'ן שטעטל... מיט דער זון זיינען אַנגעקומען די פאָלקס־באַפרייער.

---

סאַשע און סאַשקע האָבן געדריקט צום האַרץ מיר־קי'ס טויטן־קערפּער, און געהילכט האָט סאַשע'ס שטים אין די אויערן פון טויזנטער:

— אָף די פרישע קוואָרים פון די פאָלקס־קאָרבאָ־נעס וועלן מיר אַ נייע וועלט אויפשטעלן!

---

## דזשעק און דזשים

אַרום צוויי אַ זייגער ביינאַכט, ווען דזשעק האָט שוין אויך פאַרשלאָסן די טיר פון דער דרויסנדיקער זייט, פלעגט די אַלטע העלענאַ אַראָפּקריכן פון איר בעט, אָנשטעקן די שיך און אַרומגאַרטלען דעם שלאָפראָק, זיך שלעפּעריק צושלעפּן צו דער טיר און פּרואוון דעם שלאָס. דערנאָך פלעגט זי זיך נעמען פאַרבעטן אירע זין'ס גע־לעגערס. זי האָט געטרייסלט און געגלעט מיט ליבע די קישנס, צו זיי עפּעס גערעט און מיט טרערן געקושט.

די גרויע קאַץ איז געלעגן אין איר בעט און גע־דרעמלט און ווען די אַלטע פלעגט זי לאַסטשען און זיך שפּילן מיט אירע אויערלאַך, האָט זיך די קאַץ אויפגע־כאַפּט, געקוקט פאַרוואונדערט אויף איר האַרנטע, וואָס שלאָפט ניט דורך די נעכט.

ביי דער אַלטער העלענאַ האָבן אַראָפּגעהאַנגען צוויי שטיקער טרערן פון אירע אויגן. זי האָט געקוקט אויף איר

מאַן, וואָס איז געשטאַנען אַן אויסגעצויגענער אויף דער וואַנט איבער איר געלעגער, מיט אַנגעטשעפּעטע צייר לעמס און מעדאַלן, מיט בלישטשנדיקע קנעפּ און גיב־קעס, מיט צוויי שטרענגע אויגן און שפּיצנדיקע וואָנ־צעס.

דער שטערן פּלעגט זיך אַביסעלע אראָפּקנייטשן ביי איר, די נאַז לעבער פּלעגן עפּעס אריינזופּן און אירע צעקנאַדערטע ליפּן האָבן עפּעס פון הארץ ארויסגעפּליס־טערט: „מיין הער, פרידריך, וואָלסטו מיר כאָטש א טאָכטער געלאָזט, אַ טרייסט אויף די עלטערע יאָרן. דיי־נע זין זיינען גרויזאַם און העלדיש ווי דו. איך האָב זיי ליב, אָבער זיי?“

פּלעגט זי דערהערן די באַסשטימע פון הער פריד־ריך: „ביסט געבענטשט פון גאָט, העלענאַ, דיינע זין וועלן זיין העלדן ווי זייער פאָטער און שטאַרבן פאַר׳ן פאָטערלאַנד“.

פּלעגט זיך די אַלטע איינגנורן אין קישן און זיך בעטן: „נעם מיך צו דיר, פרידריך, איך בין שוין אַן איבעריקע דער וועלט, דיינע צוויי זין“ — — —

דזשים איז געשטאַנען אַן אויסגעצויגענער, מיט זיין פאָטער׳ס שטאַלץ, אין מיטן וועג וואו פאַרקוויי און וואַ־שינגטאָן עוועניו שניידן זיך דורך. דאָס פּייפל ארייננע־שטעקט צווישן די ליפּן און מיט די הענט אָפּגעשטעלט און דורכגעלאָזט די מאַשינען און טראַמווייען. ער איז געווען אַ געטרייער און איבערגעבענער פּאָליסמאַן, זעלטן געשיקערט, ניט גענומען קיין כאַבאַר און אַנגעטאָן פיל צאָרעס די קרעמער און פּעדלערס פון זיין געגנט. דער־פאַר האָט דער טשיף פון אים געהאַלטן און צוגעזאָגט אים העכערן.

אין א רעגנדיקער נאכט, ווען פארשפעטיקטע מענטשן פליען זיך פון ערגעץ וואו דורכשמוגלען אהיימ־לאזן; ווען אן ארומגעהאנגען מאשינדל האט זיך דורכ־געפליוסקעט און צעבריזגעט די טייכלאך; ווען א ליידי־קע קאר מיט א פאר פארשלאפענע פארשווינען האט זיך מיט א פארזשאווערטן קלונג דורכגעשארט און אוועק־געטראגן, פליגט דזשימען ווערן אומעטיק אפן הארצן. וואלט זיך אים ווען זיין אין א ווארים הויז מיט פריינט. האט ער א סיגארעטל פארוויכערט אין א ווינקל פון אונטער א דעכל זיך אנגעשפארט און זיינע געדאנקען האבן אראפגעבראכט זיין פאטער פאר אים.

דזשעק האט אבער קיין צייט ניט צו טראכטן. ער מוז צושטעלן די מילך ביי אלע טירן. לויפט ער פון הויז צו הויז, שפרינגט איבער שטיגן און טרעפלאך. מיט אריינגעפלאכטענע פלעשלאך זיבן — צווישן די פינגער. ווארפט זיך אריבער איבער הילצערנע און אייזערנע צוימלאך. זיין פערדל איז געלערנט, סע ווייסט שוין די גאסן פון זיין „טעריטאריע“. גייט עס פאראויס און שטעלט זיך אפ. ווען דזשעק פארענדיקט זיין לויפערישע ארבעט זעצט ער זיך אפ'ן וואגן, פארצייכנט אין ביכל וועמען ער האט געשטעלט א פלעשל, וועמען צוויי. דער־נאך כאפט ער זיך אריין אין זיין רעסטאראן, בייסט עפעס איבער און פארוויכערט. שפעטער מאנט ער צונויף די בויוועס. און אין מיטן העלן טאג מוז ער אוועק שלאפן. קריי ביינאכט זיך אויפרייסן פון גלעגער און ווידער טאן זיין לויפערישע ארבעט.

און ווען די ארבעטער און צעפירער פון פרענקלינ־מילך־קאמפאניע פלעגן אהיימקומען מיט זייערע סכי־רעם צו זייערע פרוי און קינדער, פלעגן אנהויבן אויס־

צאָלן די כויוועס פאַר פליש, פאַר וועש, און פאַרשיי־
דענע פעדלער וועמען א דאָלאר, וועמען פופציק סענט א
וואָך, פלעגן זיי איבערבלייבן מיט ליידיקע הענט און א
פולן קאָפ מיט זאָרגן. מ׳פלעגט זיך איינער פאַר׳ן
צווייטן פאַרקלאָגן: „קליינע פאַרדינסטן, עס קלעקט
ניט". דזשעק וואָס האָט שוין לאַנג געקלערט כאַסענע
האָבן, האָט דערזעען זיין צוקונפטיק פאַמילען לעבן, האָט
ער געטראַכט, געטראַכט און באַשלאָסן: „ער האָט דאָך
סיי ווי סיי ניט וואָס צו פאַרלירן?" האָט ער יעדן איינ־
געראַמט א סאָך, מיט אייניקע זיך מער געשושקעט און
געוואָרט אויף יענעם טאָג... נאָך נאַכט מוז דאָך קומען
טאָג!

זיינען געשטאַנען די פערדלאָך איינגעשפּאַנטע אין
ווייסע וועגלאָך, מיט פלעשלאָך אָנגעלאָדן, און געוואָרט
אויף א פייף פון אָנטרייבער. די צעפירער זיינען גע־
שטאַנען אין קופּקעלאָך, געראַיכערט און געשמועסט
צווישן זיך. דער פאַרוואַלטער איז אַרויס און אָנגעהויבן
זידלען, האָט זיך דזשעק פאַר אים אויסגעצויגן און דער־
קלערט:

„מיר ווילן העכערע סכירעס!"

דער פאַרוואַלטער איז אַריין אין אָפיס און גע־
קאַסט זיך אין טעלעפאָן אַריין.

---

די אַלטע העלענא האָט געזען, אז עס רודערט זיך
עפּעס ביי דזשעקן אין קאָפּ. ער קען ניט איינליגן אויף
זיין געלעגער, אַלע מאָל לאָזט ער אַרויס מיט׳ן רויך
„פאַרפלוכטע", „צום טייוול", און דרייט זיך איבער צו
דער וואַנט.

דזשים איז אריין מיט א זאטער מידקייט, מיט א רויטן פּאַנים און צוויי שווערע פּיס. ער האָט אראָפּגע־וואָרפן זיין מונדיר, אוועקגעשמיצט זיין קאַשקעט, אוועקגעלייגט דעם רעוואָלווער מיט׳ן גראָבן שטעקל אויפ׳ן טיש און זיך אוועקגעלייגט אביסל בלאָז רויד.

העלענא האָט דערפילט, אז אירע צוויי זין האָבן יענע נאַכט געהעלדעוועט ערגעץ, אָבער פרעגן האָט זי מוירע.

דזשעק האָט ניט ווילנדיק צעעפנט זיינע ליפּן און דורך די ציין ארויסגעשריען: „דו, שווארצער הונט!"

דזשים האָט זיך צעלאַכט, א שפּיי ארויס געטאָן אין דער לופטן און זיך געקרומט: „דו, הונט!"

דזשעק האָט זיך צעקאַכט, זיינע בלאָנדע האָר האָבן זיך אויפגעשטעלט, ער האָט ברייטער צעבראַסטעט זיין העמד און מיט די דראָענדע קולאַקעס האָט ער זיך גע־לאָזט צו דזשימען: „דו וועסט ניט וואגן קומען מער אויף אונזער פּלאַץ!"

דזשים האָט זיך אפילע ניט אומגעקוקט אויף אים. בלויז צו דער סטעליע שיקעריש געשפּיגן: „מיינד׳זש יור און גאָד דעם ביזנעס".

דזשעק האָט זיך א וואַרף געטאָן אויף דזשימען, פריער האָבן זיי זיך געפּלאָכטענע געקייקלט איבער׳ן בעט, אויסגעקנאָטן די קישנס און מיט רויטס באַפּלעקט. דערנאָך האָבן זיי זיך אראָפּגעוואָרפן, זיך אויפגע־שטעלט, געפּאַרן אין די ציין און אונטער די אויגן און...

די מאַמע איז געשטאַנען ביי דער זייט, זיך ביי זיי געבעטן, געוויינט און מיט די הענט געבראָכן. אלע מאָל געכאַפּט אומגערן א קלאַפּ. שטיל פאר גאָט און הער פרידריך געמורמלט: „האָט ראַכמאָנעס".

דזשעק האָט אָנגעכאַפּט דזשימען באַם גאָרגל און אים אוועקגעשליידערט, איז ער געבליבן ליגן. ער הויבט אָבער אויף דעם קאָפּ, קלייבט צונויף זיינע הענט און פיס, שטעלט זיך אויף, ציט אויס זיין רעכטע האַנט און דערפילט אין זיינע פינגער קאַלטן שטאָל...

דזשעק האָט אָנגעכאַפּט דזשימ׳ען באַם גאָרגל און „זאָלסט ניט וואַגן, דו הונט!" דזשים האָט אָנגעצילט זיין רעוואָלווער און מיט אַ שוים אויף די ליפּן געַרעוועט: „איך וועל דיך..."

אָבער די קויל האָט זיך אויפ׳ן וועג צו דזשעק׳ן פאַרהאַלטן אין דער אַלטער העלענא׳ס לייב.

אַ מינוט האָבן זיך ביידע זין אַראָפּגעבויגן צו זייער מאַמע׳ס קערפּער, דערנאָך האָט דזשים זיינע הענט צו־נויפגעלייגט אויף הינטן, דזשעק האָט זיי מיט דזשימ׳ס אייגענע אייזערנע רינגלאַך געשלאָסן.

---

# צוגעשפּיליעטער קאָפּ

.1

נעבן צווייטן פענסטער, וואָס קוקט אַראָפּ אָפּ׳ן אי־בערדעכער פליענדיקן אייזן־טייוול, שטייט אַ בענקל. אָף דעם בענקל ליגט, ווי צוגעקלעפּט, אַ שטיק פלייש, איינ־געוויקלט אין שוואַרצע הויזן. צוויי שוואַרצהאָריקע הענט האַלטן דאָרטן עפּעס מיט ליבע, ווי אַ מוטער אַ קינד. פון אַ שוואַרצפּאַסנדיקער ווייסער אויבערהעמד שטעקט אַרויס אַ קיילעכדיק גערטנדל האָר, צו רעכטס געבויגן. פון אינמיטן שניידט זיך אַ שאַסיי און אין ביידע זייטן שטייען אָפּן צוויי פלייש ביינדלדיקע טירלאַך. פון יענער זייט גערטנדל שפּיצן אַרויס עטלאַכע קלעצלאַך און דאָס שטאָל־שטעקעלע, דער נאָדל־שטופּער, טאַנצט אַרויס

און אריין. אלע מאל כאכט די רעכטע האנט א שטיק געוואנט, דרינגט עס וואו דארטן אריין, שלינגט עס וואו דארטן דורך מיט א גער־ר־ר, מיט א בער־ר־ר־ר און שפייט עס אוים מיט דער לינקער האנט אין קויש אריין.

דאס יאגט זיך און טראגט זיך דארטן מאקס אזוי טייוולש־איילנדיק אף זיין אייזנשטאליקער קאטערינקע פון זיין צוואנציקיאריקן יובילייאום צו דער זילבערנער כאסענע, זינט ער האט זיך מיט איר באהעפט נעבן צווייטן פענסטער.

מיטאג שטונדע און ענדע מערווערטצייט טיילט זיך אף שווארץ־שטיק פלייש פון פארברודיקט דעקל געלהאלץ, ציט אוים פינף־פוסיקע פיגור אף די שפיץ פינגער, צעשפרייט שווארצהאריקע צוויי הענט און באווייזט זיין צורע וואס קוקט אוים ווי א לאנדקארטע: אריינגעשניטענע קאנאלן, זיגזאגישע אייזנבאן־ליניעס, א הויקער־דיקער בארג זידט עפעס ארוים, באווייזט צוויי רייען צעווארפענע קיילעכדיקע שטיינדלאך, און א טונקל־רויטיקע כאיע שפרינגט דארטן ארום. ראנגלט זיך און רייסט זיך, ווי א צוגעבונדענער הונט צו א קייט.

און ווען מאקס באבליקט די יונגע פינפאונצוואנציק—פינפאונדרייסיק יאריקע כעוורע, וואס לאכן נאך און וויצלען זיך, שפרינגען אריין אין זייערע קליידער און איילן זיך צו דער שאפ־טיר, גיט ער א שאקל מיט'ן קאפ און שלינגט אראפ א טיפן זיפץ: „העי, איר מוציקעס־צוציקעס, וואו זיינט איר געווען אין מיינע יונגע טעג, ווען איך בין געווען פון די ליבמאנ'ס ע ר ש ט ע ארויס־העלפער, וואלט איר געזען ווער מעלעך איז געווען: מ י ך האט ליבמאן געשיקט קויפן עסן, מיט מ י ר האט ער געטרונקען טיי, און ווען אן ארבל האט זיך ניט אריינגעפאסט, מיט וועמען האט זיך ליבמאן אן אייצע געהאלטן?

און פון מיינע אף יאַנטעף מאַטאַנעס ווייסט קיינער ניט, און איר וועט ניט וויסן!"

ווען מאַקס שלעפּט אַרויף זיינע שווערע פיס אף דער אַכטאונפערציקסטער טרעפּ, גיט אַנדערהאַלבן דריי זיין קלינג־גלעקל, ווערט אַ טומל אין הויז: אַ כאָר צע־לאַזט זיך מיט אַ קוויטש „פּאַפּאַ גייט, פּאַפּאַ קומט", אונטערגעהאַלטן פון קליינוואַרג'ס טאַנצערייען און שפּרינ־גערייען, פון קיך קומט אַרויס אַ סאָלאַ פון פעטש און טראַסקעס, אַקאַמפּאַנירט פון „כאַליערעס" און „שלעק".

מאַקס צעשיסט עטלאַכע בייזע בליקן און כעוורע ווערן שטיל. ער מאַנטלט זיך אַפּ, קייטלט אַפּ דעם קאַלנער און זעצט זיך צום טיש.

מינע לויפט פון אויוון צום טיש און צוריק, קאַמאַנ־דעוועט מיט קליינוואַרג, וואָס פּראַוועט די סודע אף דער סאַפּקע, און טעלערט אַרום געשווינד: איר טאַג־טעגלאַ־כע אַפּקומעניש, ווען זי פאַרשעלט איר געביין, אירע טעג פון געבוירן און כאַסענע.

מאַקס עסט אַפּ שטיל, ווי אַ גוט קינד, פאַרויכערט, נעמט די ציישונג אין האַנט און ציט זיך אויס אף דער סאַפּקע. ער פּיפּקעט אַביסל, קוקט דורך די גרויסע קעפּ פון בלאַט און ענטפערט מינע'ן אַפּ אַ האַלבן „יאַ" און אַ פערטל „ניין".

ביסלעכווייז לעשט זיך די ליולקע אויס; די בוכ־שטאַבן גון דער ציישונג הויבן אָן טאַנצן און שווינדלען און די אויגן דעקן זיך צו:

קומט ליבמאַן, אַ שמייכלדיקער, קלאַפּט אים אין פּלייצע, לויבט אים אין טאָג אַריין פאַר זיין גוטער אַר־בעט און געטריישאַפט און זאָגט אים צו דאָס טעלערל פון הימל. ער, מאַקס, איז גליקלאַך, ער פילט ווי זיינע

ברייטע ביינער צעוואקסן זיך, און זיינע אויגן פינקלען. ער ווארט נאר אף יענעם טאג (ווי אין שמר'ס צווייקאפּיקדיקע ראמאנען, וואס ער פלעגט שלינגען מיט יארן צוריק) ווען ליבמאן וועט צוקומען און א זאג טאן: „מאקס, איך גיב דיר מיין טאכטער פאר א ווייב און א האלב פארמעגן!"

נאר ווען מאקס כאפט זיך אויף, זעט ער זיין מינע'ן, וואס דרימלט א מידע ביים פענסטער. ליבמאן, שטעלט ער זיך פאר, פארט ערגעץ ארום אף זיין גרויסן טונקלבלויען אווטאמאביל.

אמאל כאפט זיך ליבמאן אריין אין שאפ, ער ווארפט א קוק אף די ארבעטער, נאר אפילו מיט מאקס'ן גריסט ער זיך שוין אויך ניט.

זוכט ערגעץ א שלעכט שטיקל ארבעט ביי וועמען, רייסט עס אויס פון יענעמס הענט מיט בייזע אויגן, גיט עס א ווארף צום פארמאן און פארקלאפּט די טיר.

און ווען מאקס רוקט זיך אראפּ פון דער סאפּקע, פארטרייבט מיט א האנט־מאך די געדאנקען פון שאפ און באלעבאס, צעשמייכלט זיך אנטקעגן די פארטרעטן פון זיין און מינע'ס מישפּאכעס, דערזעט ער זיך אין די יונגע יארן, גיט ער זיך א קראץ אונטער נעבן אויער, און זיינע אויגן געפינען א טרייסט אין די אכט קינדערקעפּלאך, וואס שטייען אויסגעשטעלט, ווי טרעפּלאך, אף וועלכע ער וועט גיין צו זיין עלטער.

און איצט, אין זיינע פופציקער יארן, האט ער ערשט קוים איין ארויסהעלפער אין זיין צען מיילערדיקער פאמיליע.

.3

קומען ווינטן, קומען שטורמען, טרייבן זיי די צייט. קומען אדלער, גרויסע גייסטער, יאגן זיי די ווינטן.

ניט לאַנג האָט זיך אָוועקגעזעצט אַ נייער שאָכן נעבן מאַקס׳ן... עפּעס אַ מאָדנער כאָבער: פּאַרמאַגט אַזעלכע צוויי גרויסע ברוינע אויגן, צעוואָרפענע בערג מיט האָר היינגען אַף זיין ברייטן שטערן, אונטערגע־שפּאַרט מיט גראָבע צוויי הערערס. אַ נאָז, אַ שטיק ביין מיט אַ דינעם הויטאיבערדעק, באַקן איינגעפאַלענע. פּערל־דיקע ציין שפּילן זיך מיט צונג, ווייל ליפּן הוידן זיך און טאַנצן און ס׳פּייפט און זינגט פון מויל אַרויס.

מענאַשע וואַרפט אויגן אין אַלע זייטן. יעדן איינעם קען ער שוין ביים נאָמען און שיסט זיך איבער מיט ווערטער און וויצן. מיט אייניקע שושקעט ער זיך ביי יעדער געלעגנהייט.

ווען מאַקס האָט ארויפגעצויגן זיין מאַנטל, אין אַ טאָג לעצטע וואָך, האָט ער דערהערט פון אים מאָדנע ווערטער „קאַמינטערן", „שאַפּ־קעמערלאַך", ווען מענאַשע האָט אריינגעוואָרפן אַ יאָם מיט ווערטער דורך זיין רעכטן קולאַט צו לייבע׳ן אין אויער אַריין. און גייענדיק אַזוי פון דער סאַבוויי צום הויז האָט ער פּלוצים דערטאַפּט פּאַפּירלאַך אין זיינע קעשענעס. אַ מאָמענט האָט ער זיך שטאַרק דערשראָקן, דערנאָך האָט ער זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן און זיי פּאַמעלאַך ארויסגעשלעפּט.

די בלעטלאַך זיינען געווען געשריבן אין ענגליש און אַף אידיש. בלוטיקע בוכשטאָבן האָבן געשטאָכן זיינע אויגן, שאַרפע ווערטער האָבן געריצט זיין מויעך און צע־קאָכט זיינע בלוטן. ער האָט מיט קאַאַס די פּאַפּירלאַך צע־פּליקט און זיי אין מיסט־קעסטל אריינגעוואָרפן.

.4

מאַקס האָט דערפילט, אַז די היינטיקע פּרימאַרגנדיי־קע שאַפּ־לופט איז גאָר אַן אַנדערע. די אַרבעטער גייען

ארום אנגעשטראָרלטע, אויפגערייצטע, די ארבעט צים זיך
אַן כיישעק, מע קוקט ווי אַף עפּעס וואָס דאַרף קומען.

דער זיינער האָט גשלאָגן צען. האָט זיך לייבע אויפגעשטעלט, דערלאַנגט אַ קלאַפּ און אויסגעשריען: „שטעלט זיך אויף!“ אַלע האָבן זיך אויפגעהויבן. נאָר מאַקס איז געבליבן זיצן.

מענאַשע האָט זיך אונטער אים צוגערוקט, אריינגעזשומעט אַ פּאָר טויז ווערטער אין איין מינוט; נאָר מאַקס האָט זיך ניט גערירט. איז מענאַשע אין קאַאַס אריין, און זיך צעשריען: „דער צוגעשפּיליעטער קאָפּ וויל נאָך זיצן!“

זיידל דער גראָבער האָט פון ערגעץ ארויסגעטאַנצט, אָנגענומען מאַקס'ן ביי די צוויי אויערן און אים אויפגעשטעלט. מאַקס איז געוואָרן אַ צעקאָכטער און אָנגעהויבן שרייען. לייבע האָט אים אָבער איינגערוימט אַ סאָד, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אַ פּאָר העכערע ווערטער: „דעם קאָפּ דיינעם דעם צוגעשפּיליעטן!“

מאַקס איז געלעגן אין אַ פייערדיק בעט. זיין מינע און די קינדער האָבן אים ארומגערינגלט מיט טרערנדיקע אויגן. ער האָט זיך געטאַפּט ביים קאָפּ און געהאַלטן אין איין שרייען: „טרייבט זיי אַוועק, נעמט זיי צו!“

פון איין זייט איז געשטאַנען ליבמאַן, ארומגעהאָנגען מיט גרינע סטיינגעם שפּילקעס, געבויגן זיין קאָפּ צום רעכטן אַקסל און געשטאָכן שפּילקעס, מיט אַ שמייכל: „מיין טייערער מאַקסעלע, דו ביסט אַ וואוילער באָכער!“ אַף דער צווייטער זייט איז געשטאַנען מענאַשע. האָט אים געגלעט מיט זיינע זיידענע האָר און אריינגעשטאָכן זיינע אויגן טיף צו מאַקסן אין האַרצן אריין. נאָר מאַקס האָט זיך געוואָרפן אין אַלע זייטן און געברענט: „טרייבט זיי אַוועק!“